ז. סעגאלאָוויטש

# ראמאנטישע יארן

פינפטער באנד

עפּאָכע־שילדערונג.

ראַזשאָבזה. גאלר
וואַרשע, 1928

א

# מײַן שטאָט...

עס זענען שוין אַוועק באַלד צוואַנציק יאָר... איך בין ווידער אויף מײַנע גאַסן. ערגעץ-וואו זענען צוגעקומען עטלעכע הײַזער, אַ לײדיקער פּלאַץ איז פֿאַרבויט געוואָרן, עפּעס איז אָפּגעבּרענט געוואָרן און אין אַסך ערטער האָט מען אויסגעהאַקט די קלײנע פענסטער און אַרײַנגעשטעלט די גרויסע שויבן, מיט עלעקטרי איז מײַן שטאָט באַלויכטן געוואָרן און די פענסטער זענען אויסגעפּוצט מיט פֿאַרשידענע גרויס-שטאָטישע זאַכן...

נאָר דו ביסט דאָך געבליבן מײַן שטאָט, ווי אַן אַלטער זײדע, וואָס איז אויף דער עלטער רײַכער געוואָרן און די רײַכקײט פֿאַרדעקט אַ ביסל די קנײטשן פֿון דער עלטער.

איך וועל זיך לאָזן איצט איבער דײַנע ברײטע גאַסן און שמאָלע געסלעך און, בלעטל נאָך בלעטל, וועל איך אויפוועקן אין מײַן זכּרון צו דיר, פֿרײלעכע און אויך אומעטיקע זכרונות, קינדערשע טרוימען און בחורישע פֿאַרלאַנגען.

אָבער לאָמיר שפּרײַזן אויף די אַלטע, באַקאַנטע גאַסן.

אָט איז די שענסטע גאַס — פֿריער האָט זי געהײסן „ניקאָלאַיעווער גאַס", איצטער: אוליצאַ סענקעוויטשא.

איך אײַל צום טײַכל, נעבן וועלכן עס שטײט אַ ברײטער דרײַ-שטאָקיקער מויער. אָט דער דאָזיקער בנין האָט אַמאָל מיר אויסגעזען, ווי דאָס גרעסטע געבײַדע אויף דער וועלט. מיט אַ דרך ארץ פֿלעג איך דאָ פֿאַרבײַגײן און נײַגעריק קוקן אויף די ברײטע

באַלקאָנען, אויף וועלכע עס זענען געשטאַנען, גרויסע אָלעאַנדערס אויף די פאַרהאָנגענע פענסטער, דער ווינט פלעגט לייכט די גאַרדינען באַוועגן און מוזיק פלעגט זיך פון די דאָזיקע פענסטער הערן.

מאָדנע מענטשן!

אין מיטן טאָג שפּילן זיי קלאַוויר. אַלע לויפן איצט אַרום און האַנדלען, אַלע אַרבעטן און פון גרויסן מויער טראָגן זיך אומבאַקאַנטע טענער...

גליקלעכע מענטשן!

זיי האָבן אודאי קיין זאָרג נישט און ביי אונז אין שטוב איז אַזוי אָפט בייטאָג די טיר צוגעמאַכט, כאָטש אויפן הויף איז זומער, די טיר ביי אונז איז פעסט צוגעמאַכט, כדי די שכנים זאָלן נישט זען, אַז די פּליטע ברענט נישט, עס איז נישט געווען וואָס צו קאָכן.

אָט איז ער, דער שוואַרצער קויטיקער טייכל, וואָס שניידט דורך די שטאָט, ווי אַ לאַנגער שוואַרצער שלאַנג.

אָט דער נישטיקער טייכל.

מיין ים, מיין אָצעאַן איז ער אַמאָל געווען. אמת, אַ גאַנצן זומער גייען אים די קאַטשקעס דורך באָרוועס, אָבער ערב פּסח, ערב פּסח זאָלט איר האָבן דרך־ארץ פאַר אים. ער צעגיסט זיך און צעפלייצט זיך, ער צעיאָגט אַלע שכנים, וואָס לעבן ביים ברעג, עטלעכע טעג בושעוועט ער און צעטראָגט בריקן, פּלייטן.

מענטשן דערמאָנען זיך דאַן, אַז זיי האָבן אַ טייך.

— אונזער טייך, זאָגן זיי, האָט זיך פונאַנדערגעשפּילט.

דעמאָלט ווערט די שטאָט צעטיילט אויף צוויי טיילן... פריינט, קרובים זענען דאַן אָפּגעריסן איינער פון צווייטן.

איך געדענק, אַז קינדווייז פלעגט מיר זייער באַנג טאָן, ווען דאָס וואַסער פלעגט נעמען, ווייל, נישט קוקנדיק אויף דעם חורבן, איז דאָס געווען איינע פון די פרייליכסטע געשעענישן פאַר מיר. מיט אַ דורשטיקער נייגעריקייט פלעג איך דעמאָלט באַלד אין דער פרי לויפן זען, וואָס עס הערט זיך מיטן וואַסער, נאָר אָנשטאָט דעם רוישנדיקן און שוימעדיקן שטראָם, פלעג איך געפינען, שפּענדלעך, שערבלעך, שוואַרצע קלעצער, הויפנס פאַרפוילטע שטרוי,

ביינער פון הינט און קעץ, אַלץ, וואָס אַזאַ וואַסער לאָזט איבער.

און עס פלעגט ווידער ווערן אומעטיק און לאַנגווייליק ביי אונז אין שטאָט.

איך פאַרלאָז גיך דאָס טייכל און אייל אויף דער סטאַרא-באַיאַרסקע גאַס.

דאָרטן האָט געלעבט אין אַ קליין עקיק שטיבל אַ שוסטער יאַנעק, וועלכער האָט געהאַט טויבן.

יאַנעק, מיין פריינט,

יאנעק, מיין טויבן-שותּף!

אפשר דער בעסטער פריינט מיינער פאַרן גאַנץ לעבן, דער איינציקער.

מיר האָבן זייער גוט געלעבט.

נישט געוועזן קיין דאַך, וואו איך בין מיט אים נישט געקראָכן, געיאָגט זיך, געפלויגן איבערן שטאָט און אונטערן שטאָט מיט די טויבן אין בוזעם, אין די קעשענעס. אַ לעבעדיקע טויב אין איין קעשענע, אַ לעבעדיקע טויב אין דער צווייטער קעשענע, אַ וואַרעמע טייבעלע אין בוזעם, אָט טאַקע אונטערן העמד, אויפן האַרצן, עס פיקט אַזוי דאָס הערצעלע ביי דער טויב, עס וואַרעמט זיך אַזוי אָן מיין לייב און אפשר האָט עס מורא פאַר דעם מענטשן?

וואו איך האָב געפאַקט אַ גראָשן — באַלד צו יאַנעקן:

— פאַר די טויבן אויף אַרבעס.

אַמאָל אָבער, טאַקע זעלטן, נאָר ער פלעגט מיך דאָך פאַרשלעפן אין שענק. איך האָב פיינט געהאַט בראָנפן און נאָך פיינטער האָב איך געהאַט די שיכורים פון שענק, נאָר יאַנעקן אָפּזאָגן האָב איך נישט געקענט, פלעג איך טרינקן מיט אים, אין האַלדז פלעגט אַ ברען טאָן דער ביטערער טראָפּן און איך פלעג זיך פאַרהוסטן. די איבעריקע טרינקערס פלעגן לאַכן פון מיר, נאָר אָפּזאָגן יאַנעקן — דאָס פאַר קיין פאַל נישט און טאַקע צוליב די געלע, צוליב די רויטע, צוליב די קאָסמאַטע, טשובאַטע און אַלפאַרביקע טויבן, דערפאַר וויל ער האָט מיר געלאָזן קריכן צו זיך אויפן בוידעם און יאָגן די טויבן מיט אַ דראנג פון דאַך און

קוקן, ווי זיי געהעצן אַזש אין די וואָלקענס אַריין... יאָ, איך בין די פייגעלעך שטארק מקנא געווען, וואָס זיי פלעגן זיך טראָגן אַזוי הויך. טויבן... דאָס איז געווען ביי מיר אַ גוואַלדיקע ליידנשאַפט, מיין טאַטע פלעגט זאָגן, אַז דאָס איז מיין סוף, אַז סוף־כל־סוף וועל איך זיך אַראָפּשעדיקן פון אַ דאַך. אין שטאָט איז מען אויף מיר בייז געווען, בעלהבתּישע קינדער האָבן מיך אויסגעמיטן, אַ פאַר־פאַלענער הפקר־יונג בין איך געוואָרן...

און אָט שטיי איך איצט אין דער סטאַראָ־באָיאַרסקע גאַס, אויף דעם זעלבן פּלאַץ, וואו מיין טויבן־קעניגרייך איז אַמאָל געווען.

יאַנעקס הייזל איז פאַרשוווּנדן געוואָרן פון דער ערד אויף זיין אָרט שטייט אַ פינפשטאָקיקער מויער.

נישטאָ קיין הייזל, קיין גאָרטן, אפילו דער הימל, וואו דער טויבן־קאַראַהאָד פלעגט זיך דרייען — דער הימל איז אויך פאַר־שטעלט. נאָר אונטן, אונטערן מויער איז געבליבן אַ גרויסער פיל־צווייגיקער באַרנע־בוים מיט דראָבנע באַרנעלעך. נישט איינמאָל בין איך געקראָכן אויף דעם דאָזיקן בוים, זוכן און אַראָפּקלאַפּן די לעצטע באַרנעס... און קוקן, אויסקוקן אַ פרעמדע טויב אויף אַלע זייטן פון דער שטאָט.

בלויז דער בוים איז געבליבן און אין איין רגע האָט זיך מיר איצט אויסגעדוכט, אַז אונטער דעם באַרנע־בוים באַהאַלט זיך מיין יוגנט, מיין אָנגעשראָקענע, דורכגעלייטערטע יוגנט, וואָס האָט אַזוי מורא געהאַט פאַרן הפקר און אַזוי געצויגן זיך צום הפקר..

יאַנעק איז שוין נישטאָ און זיין הייזל מיט די טויבן איז שוין אויף יענער וועלט.

איך גיי צוריק אין שטאָט צו נייע און אַלטע באַקאַנטע, צו נייע ערינערונגען.

די ווייסע טורמע...

מענטשן גייען פאַרביי איר גלייכגילטיג, ווי פאַר יעדן מויער, אָבער מיך גיט עפּעס אַ דריק אין האַרצן און אַ ים מיט בילדער און איבערלעבונגען לויפן דורך פאַרביי מיר, שווערע איבערלע־בונגען פון אַמאָל.

די שווייגעדיקע טירן פון דער דאָזיקער תפיסה האָבן זיך עטלעכע מאָל פאַר מיר געעפנט און צוגעמאַכט. דאָ אין שטאָט, אין די פאַבריקן, האָבן מענשן געאַרבעט איבער די קרעפטן, געליטן און געקעמפט און פאַרן קאַמף האָט מען באַצאָלט מיט תפיסה. איך האָב אויך געקעמפט פאַר דער גערעכטיקייט, און די תפיסה האָט מיך נישט אויסגעמיטן. דאָ, אינווייניק, אונטער די ווייסע ווענט, אונטער די קראַטעס האָט מען אויך געמוזט קעמפן פאַר יעדן טריט, פאַר אַ טראָפּן לופט, פאַר יעדן וואָרט און בליק.

און אונטער דער הויכער וואַנט פון טורמע איז געשטאַנען אַ תליה... אָט אַזוי לעבן זיך מענשן מיט תפיסות און תליות.

די שטאָט מיינע איז עלטער געוואָרן פאַר דער צייט. אַלע חברים האָבן שוין ווייבער און קינדער, אַנדערע זענען שוין גראָ געוואָרן פאַר דער צייט, אַנדערע זענען דיק געוואָרן...

עטלעכע גיבן מיר אָפּ שלום-עליכם און אַנדערע כאַפּן זיך גלייך קושן און זאָגן מיר „דו"... כאָטש אַ סך מאָל ווייס איך נישט זייער נאָמען. באַקאַנטע פּנימער, באַקאַנט, ווי די הייזער, וואָס שטייען דאָ קעגנאיבער, נאָר ווי רופט מען זיי די מענשן? און ווער האָט דאָרט אַמאָל געלעבט אין די הייזער? ווער לעבט דאָרט היינט?

אַ געוועזנלעכער בריקל,

אַן איינגעפאַלען טרעפּל פון אַן אַלט הויז...

יעדע קלייניקייט שטעלט מיך אָפּ און איך קאָן אין דער רגע ווייטער נישט גיין. אַ פריינט באַגלייט מיך איצט, נאָר אים שטעלט דאָס טרעפּל נישט אָפּ און קיין טרער לויפט אים אין די אויגן נישט אָן... ער איז דאָ אַ פרעמדער און ער ווייסט נישט, אַז דאָ, אויף דעם זעלבן אָרט האָט געלעבט אַ מיידל מיט אַ גרויסן פלאָנטער האָר אויפן קאָפּ, אַז זי פלעגט די האָר פונאַנדערלאָזן, האָט זיך דאַמאָלט אויסגעדוכט, ווי אַ שטראָם גאָלד גיסט זיך — אַזוי ליכטיק און גלאַנציק זענען אירע האָר געווען. זי איז געווען די ערשטע, וואָס איך האָב ליב געהאַט, און וויפיל נעכט בין איך דאָ אָפּגעזעסן אויף דעם שוואַרצן צעפוילטן בריקל, וויפיל נעכט מיט איר צוזאַ-

מען און וויפיל נעכט אַליין... ווייל דאָס בריקל איז הייליק, טייער געוועזן און די גאַס איז ביי מיר אין האַרצן געבענטשט געוועזן, די גאַנצע וועלט איז צוליב, אַ וואוילע געוועזן, אַ טייערע וועלט. בין איך מיט איר געזעסן דאָ אויף דעם דאָזיקן בריקל גאַנצע נעכט און געפּאָרשט ביי דער שטילקייט, ביי יעדען שאָרך פון דער נאַכט, ביי מיין מיידל אין די אויגן און ביי מיין אייגענעם האַרץ האָב איך געפּאָרשט, צו זי האָט מיך ליב... די מיט די בלאָנדע האָר.

ליב... אודאי, אַז זי זיצט מיט מיר אָפּ נעכט, אַז זי קושט מיך און לאָזט זיך פון מיר קושן — אודאי האָט זי מיך ליב, נאָר נישט דאָס אַליין, נישט אַזאַ ליבע, עס פעלט נאָך עפּעס. מיין ליבע מוז עפּעס זיין אַן אַנדערע, אַ בעסערע, אַן אייביקע. דער ערגסטער, דער בעסטער זאָל איך זיין. אַלץ איינס: זי באַדאַרף און מוז מיך ליב האָבן, שטאַרקער ווי אייזן, הייליקער פאַר אַלע הייליקייטן מוז זיין אונזער ליבע...

און זע נאָר! דאָס בריקל מיטן איינגעפאַלענעם טרעפּל איז געבליבן, די לאַמטערן, וואָס האָט אונז דאָ צוגעלויכטן, איז געבליבן, אַ שאָקלדיקער סלופּ מיט אויסגעהאַקטע שייבלעך. די זעלבע לאַמטערן, — זי לויכט שוין נישט.

און זי? מיין געליבטע, מיט מיין חלום, מיט מיין גלויבן, אַלע צוזאָגענישן. אַלע קושן — אַוועק צוזאַמען מיטן שניי פון יענע יאָרן.

שאַ, וואָס מאַכט ער? לייבעלע קנישינסקי — דער גרעסטער ליגנער פון אונזער שטאָט און פון דער גרעסטער וועלט. אַ פאַנטאַזיאָר, אַ פּלאַפּלער.

— איר זענט גרוי געוואָרן, פאַניע קנישינסקי!

— גרוי געוואָרן! כאַ, כאַ...

— וואָם לאַכט איר?

— וואָס הייסט גרוי, ביי אונז ווערען אַלע יונג גרוי, אָט, מ ין אייניקל האָט אינגאַנצן אַכטצען יאָר און ער האָט שוין גרויע האָר אויפן קאָפּ. אַלע, אַלע ווערען ביי אונז יונג גרוי.

— האָט איר דאָך שוין אַן אייניקל, זענט איר דאָך שוין אַ זיידע, מעגט איר דאָך שוין זיין גרוי.

איצט ערשט כאַפּט ער זיך, אַז ער האָט זיך אַליין אַרויסגע־געבען, אַז גרוי איז ער דערפאַר, ווייל ער איז שוין אַ זיידע. דערלאַנגט ער אַזאַ מאָדנעם שמייכל, ווי ער וואָלט וועלען זאָגן:

— טאַקי אַלט געוואָרן, שוואַך און גרוי געוואָרן, איך קאָן שוין אפילו קיין רעכטן ליגען נישט זאָגן.

און געפלדויערט האָט לייבעלע קנישינסק אויף וואָס די וועלט שטייט. ער האָט געהאַט אַ פאַבריק פון קאָלדרעס. מאַכט זיך אַמאָל אַז צו אונז אין שטאָט פאָרט אַראָפּ דער קייזער אויף מאַנעוורעס. צוזאַמען מיטן קייזער איז אויך אַראָפּגעקומען אַ גרויסע סוויטע פון מיליטערישע און ציווילע יחסנים און פאַר דער דאָזיגער סוויטע האָט מען ביי דעם פאַבריקאַנט קנישינסקי געקויפט עטלעכע קאָל־דרעס.

און מער האָט שוין די שטאָט אונזערע נישט באַדאַרפט. פון דאַמאָלט אָן איז לייבעלע קנישינסקי געוואָרן אַ גאַנצער מחותּן מיטן הויף.

וואָס הייסט? מיט ניקאָלאַיען טרינקט ער ברודערשאַפט, שפּילט אין קאָרטן מיט די אַדיוטאַנטן און ביי דער קייזערן גופא האָט ער שטאַרק נושא־חן געווען... וואָס רעדן אַ סך... אַז ער, לייבעלע קני־שינסקי וועט נאָר וועלן, ברענגט ער פאַר יודען אַלע גליקן... פלעגט מען זיך ביי אים בעטן:

— טו דאָס טאַקע! פלעגט ער סודותדיק ענטפערן:

— מיט דער צייט, מיט דער צייט...

לייבעלע קנישינסקי פאָרט אַוועק. אַלע ווייסען, אַז ער פאָרט קיין כאַרקאָוו קויפן וואָל, נאָר, אַז מען פרעגט ביי אים:

— וואו פאָרט איר, פּאַניע קנישינסקי?

— קיין פעטערבורג!

וואָס עפּעס קיין פעטערבורג?

בייגט ער זיך צו און זאָגט צו יענעם אויפן אויער:

— אין הויף אַריין, מען לאָזט מיך דאָך נישט צו רו, אַ בריוו נאָך אַ בריוו, וואָס קען מען טון, מעי מוז פאָרן.

— טאַקי אַזוי, איר מוזט פאָרן, אַ קליקלעכע רייזע!

מענשן האָבן אים ליב געהאַט צו נעמען אויף דער ווענטקע, מענשן האָבן די גרעסטע הנאה געהאַט אויסצוהערן זיינע פאַנטאַסטישע ליגענס.

און ער האָט געלעבט און געאָטעמט מיט זיינע פאַנטאַזיעס.

פון די נייעסן — "ווער געשטאָרבן, ווער רייך געוואָרן?" שטעל איך זיך אָפּ אויף צוויי געשטאָרבענע.

בנימין דור איז געשטאָרבן...

אַ גרויסער ווײַטליגג אוז אַ גרויסער גביר געווען. האָט אים אַ צווייטער בעל-הבית מיט עפּעס אָנגעגרירט. יענעמס נאָמען איז געווען פּרייס און אַ גאַנץ לעבן האָט בנימין דור חוזק געמאַכט פון דעם דאָזיגן פּרייס און אַליין זיך געוויצלט אויף יענעמס חשבון.

אין שטאָט פלעגט מען די וויצן דערציילן איינער דעם צווייטן: — שטעלט זיך פאָר: איך, בנימין דור, ליג אין אַ פּאַס „דאָג" און פּרייס ליגט אין אַ פּאַס האָניג... שטעלט זיך פאָר, איך לעק אים, ער לעקט מיך... שטעלט זיך פאָר—ווער מאַכט בעסער...

עס האָט אויסגעדוכט, אַז ער וועט אויך דעם מלאך-המות פאַרוויצלען, פאַרלאַכן אים די ציינער, נאָר יענער מיט דער שאַרפער קאָסע האָט זיך נישט געלאָזן נאַרן, אָדער האָט דעם בנימין דורס וויצן נישט פאַרשטאַנען און אים מיטגענומען אויף יענער וועלט.

וועגן צווייטן מת, וועגן סאַנען דעם משרת, מוז מען זיך אויך אָפּשטעלען.

סאַנע איז געווען אַ הפקר-משרת, באַדינט האָט ער אייגענטלעך די גאַנצע שטאָט.

טראָגט זיך ווער איבער אויף אַ צווייטע וואָהנונג, שלעפּט סאַנע אַריבער די פערענעס מיט די שעניקעס. נישט איינמאָל פלעגט טרעפן, אַז אַ גאַס-לאַך צעשניידט די פערענע און די פעדערן פלעגן זיך לאַנגזאַם באַפרייען פון דער אַריינשיטעכץ. גייט אַזאַ סאַנע מיט דער פערענע און ער פילט, ווי עס ווערט אים אַלץ לייכטער, לייכטער...

און די פעדערלעך פליען אַראָפּ און אַרויף, און די גאַנצע

דאָס קייכט פון געלעכטער, ביז סאַנע פלעגט בלייבן בלויז מיט דער אריינשיטעכץ.

ער פלעגט ערב יום־כפּור גיין שעכטן פאַר דער גאַנצער שטאָדט די כפּרות און שטענדיק פלעגט מען ביי אים באַגנבענען אַ כּפּרה. פלעגט ער וויינען מיט ביטערע טרערן, מען זאָל נישט טראַכטן, אַז ער אַליין האָט עס צוגעגנבעט. אָדער עס פלעגט טרעפן, אַז אַ פליני־קער האָן האָט זיך פון טאַנעס הענט אַרויסגעריסן, דעמאָלט פלעגט ער אוועקוואַרפן די איבעריקע עופות און זיך לאָזן כאַפּן דעם האָן. גע־כאַפּט דעם האָן, דערזעט ער ערשט, אַז די איבעריקע עופות זענען אַנטלאָפן, וואַרפט ער אוועק דעם האָן און לויפט כאַפּן די איבעריקע עופות... ׃ין אַזוי כסדר.

די גאַנצע גאַס פלעגט אים נאָכלויפן און מיטהעלפן.

און אַז סאַנע טראָגט אַ טעפל מילך פאַר אַ בעל־הביתטע, דער־לאַנגט אַ גאַסן־יונג אַ געשריי:

— סאַנע! עס רינט דאָך...

— וואו? פרעגט סאַנע און קערט דאָס טעפל מיטן דעק אַרויף, אַזוי אַז די בעל־הביתטע האָט שוין קיין מילך פאַר די אויגן נישט אָנגעזען.

סאַנע איז געווען אַ גרויסער פרעסער און דאָס איז אייגנטלעך געווען די וויכטיקסטע פונקציע אין זיין לעבן, אַז ערגעץ־וואו נאָר אויף אַ שמחה פלעגט איבערבלייבן פאַרפוילטע פיש און פלייש, וואָס מען האָט געדאַרפט אַרויסוואַרפן, פלעגט מען זיך לאָזן זוכן סאַנען... ער וועט דאָס שוין אויפעסן. ער פלעגט קיינמאָל נישט קראַנק ווערן...

נאָר דער מלאך המות האָט שוין אַ טירעלע צו יעדער נפש...

מיין שטאָט איז שיטערער געוואָרן. עס זענען אַלע אַלטע משוגעים אויסגעשטאָרבן: דער מעשענער קאָפּ, דער פוילישידעק, יורטשיכע, וואָס פלעגט שילטן מיט טויטע קללות... ווער אומשטיינס געזאָגט, אין געבליבן?

און אַרום זענען אַמאָל גרויסע אוראַלטע וועלדער געווען. ביז ביעלאָוויעזש האָבן זיי זיך געצויגן און פאַר מיר איז געווען געווען אַריינצוגיין אין וואַלד, האָט זיך מיר שוין געדוכט, אַז אַזוי וועט

זיך שוין ענדיקן די וועלט מיט וואַלד, מיט סאַמע וואַלד—קיין סוף איז נישטאָ, קיין אַרויסגאַנג אויך נישט.

אַ סך האָב איך דורכגעלעבט אין די וועלדער אַרום מיין שטאָדט. אין געהיים פלעגן מיר זיך דאָ צונויפקלויבן—חברים פון אַ געהיימער אָרגאַניזאַציע, אויף וועלכער מענטשן מיט ביקסן און שווערדן האָבן געלויערט, געוואָלט אונז אויסראָטן.

מיט פאַטרולן און פאַראָלן האָבן זיי זיך אין די פאַרבאָרגענע וועלדער פאַרשטעקט. אַ סך טרוימערישע ווערטער און אַ סך לידער שטאָלצע האָבן דאָ געקלונגען.

די וועלדער זיינען אָבער שוין שיטערער געוואָרן. איך וועל דאַן גיין אין אַלע ווינקעלעך פון מיין פאַרגאַנגענהייט און זוכן פאַרגעסענע בילדער, כ'וועל דערציילן, כל זמן עס טוט נאָך באַנג... ווייל עס איז שוין נישטאָ, עס איז שוין אַוועק.

אין רעכטן מיטן שטאָדט איז געשטאַנען אַ ראַטוש מיט אַ הויכן גאָטישן טורעם...

איבער אַלע גראָשענע קרעמעלעך, איבער דעם מאַרק מיט די מענטשן, וואָס זידלען זיך און דינגען זיך אייביק, איז געשטאַנען דער טורעם און געקוקט אויף אַלע פיר זייטן פון דער וועלט, און איך פלעג הויבן די אויגן צום דאָזיקן טורעם און ליב האָב איך געהאַט יעדע זאַך, וואָס איז העכער געווען פון אונזער פלאַכן לעבן...

אַרום האָבן מענטשן געהאַנדלט, זיכער און רואיק געלעבט, די רייכע האָבן געזוכט מער רייכקייט און כבוד, די קבצנים האָבן געליטן און געבעטלט, און עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דאָס איז אַזאַ געזעץ פון לעבן... אַזוי באַדאַרף עס זיין.

געדיינק איך אָבער, ווי עס האָבן זיך באַוויזן ביי אונז נייע מענטשן מיט נייע געדאַנקען. זיי פלעגן זיך מאָדנע קונציק אַריינגנבע־נען אין אונזער לעבן. זיי פלעגן קומען, ווי אָרעמע לערער און געבן „שטונדן” פאַר גראָשנס, פאַר אומזיסט, זיי פלעגן קומען און אַרבייטן, ווי אַלע געוויינלעכע אַרבייטער און דאָך זענען זיי אומגעוויינלעך געווען, זיי פלעגן רעדן אַזעלכע נייע, ריזיקאַליש־נייע ווערטער.

איך האָב זיך געלעבט מיט מיין לעבן, געוואָלט ווערן אַ מענטש, אָנהויבן פאַרדינען, איך האָב געלייענט ביכער און געחלומט פון ליבע

און פון רייזעס, נאָר געוואַלדיק בייגעריק פלעג איך ווערן, ווען איך פלעג הערן, אַז עמיצער איז אַרעסטירט געוואָרן...!

נישט פאַר קיין גנבה, נאָר דערפאַר, ווייל ער האָט געוואָלט איבערמאַכן די וועלט. אַזוי פלעגט מען אינמיטן נאַכט צונעמען אַ מענטשן, אויף וועלכן קיינער האָט גאָרנישט געגלויבט, אַז ער געהער אָן צו די יענע. דער מענטש פלעגט ערגעץ פאַרשוואונדן ווערן אונ־טער די קראַטעס, איבער די עטאַפּן פון די רוסישע טורמעס און די גאַס האָט זיך ווייטער געלעבט מיט איר לעבן און דער טורעם האָט געקוקט איבער אַלע גאַסן, ווייט־ווייט, אַזש ביזן פעלד אַריין.

אויף מיר האָט מען אָן אויג געוואָרפן:

עטלעכע באַקאַנטע, האַלב באַקאַנטע, האָבן שוין אַ פּאָר מאָל פאַר־פירט אַ שמועס מיט מיר... געגעבן אָנצוהערן, אַז די וועלט איז זייער שלעכט אַוועקגעשטעלט געוואָרן און גוט וועט זיין נאָר דעמאָלט, ווען די גלייכהייט וועט אַראָפּקומען. איך האָב זיך גענומען צוהערן און געוואָרן פאַרזיכטיק.

וואָס ווילן זיי, די מענטשן פון מיר? איך זאָל דאָס גיין ראַ־טעווען די וועלט, איך זאָל אויך ווערן איינער פון „יענע”. איך האָב נאָך פון פריער געלייענט אַ סך און אויף מיין שטייגער פלעג איך אַ סך דיספּוטירן וועגן גאָט, מענטש, וועגן ליבע און פרייהייט. אַ סך פראַגן און ספקות האָבן זיך געראַנגלט אין מיין קאָפּ.

איך געדיינק נישט גענוי, פאַרוואָס דאָס האָט זיך זיי לאַנג נישט איינגעגעבן: מיך אַריינצוציען אין דער אַרבעט—איך בין נאָך אַלץ געבליבן פון דער ווייטן.

עס קאָן זיין, אַז שולדיק איז געווען די חברטע „רעוועקא”, וועלכע פלעגט מיר געבן ביכער פון רעוואָלוציע און סאָציאַליזם, און פון צייט צו צייט אויך אַריינרוקן אַ דורכזיכטיקע פראָקלאַמאַציע, זי פלעגט מיך אַגיטירן מיט אַזאַ בייזן אויפגערעגטן טאָן, מיט גאַל האָט זי גע־רעדט וועגן דער פאַרדאָרבענער וועלט און אַ שטימע האָט זי געהאַט אַ קוויטשיקע, און אַ נאָז האָט זי געהאַט אַ שפּיציקן, ווי ביי אַ רויב־פייגל און דער נאָז רעוועקעס האָט געמוזט שפּילן די גרעסטע ראָל אין דער סיבה, וואָס איך בין נישט צוגעשטאַנען. וואָס מער זי האָט גערעדט, אַלץ קעלטער בין איך געוואָרן. זי איז געווען אַזאַ דאַרע

אַ פלאַכן בוזעם... ניין, לעבן האָט נישט אַזאַ פלאַכן בוזעם, פאַרדאַרטע בלומען שמעקן נישט און ציען נישט.

מען האָט מיך שוין עטלעכע מאָל איינגעלאַדן אויף געהיימע פאַרזאַמלונגען—איך האָב געהערט פלאַמעדיקע רייד. עס האָט געצייגירט און איבערהויפּט די גאַנצע קאָנספּיראַציע האָט אויף מיר שטאַרק גע-ווירקט. מען האָט ווידער מיר גענומען אונטעררוקן ביכער, בראָשורן, אויסלענדישע זשורנאַלן אונלעגאַלע, איך פלעג עס באַהאַלטן און לייענען פאַרבאָרגענערהייט — עס זענען אָבער אַוועק חדשים: איך בין צו קיינעם נישט צוגעשטאַנען.

פאַרוואָס?

צי דען איז מיר געווען אַזוי גוט? צי רען האָב איך קיין רחמנות נישט געהאַט אויף די פאַרשקלאַפטע מענטשן? איך ווייס נישט גענוי די סיבה, נאָר קיין רייץ איז פאַר מיר נישט געווען אין דעם אַלץ, איך בין בלויז נייגעריק געווען...

נאָר איינמאָל...

עס איז פאָרגעקומען אַ לויה פון אַ שווינדזוכטיקן אַרבעטער, צום ערשטן מאָל האָט אונזער שטאָט דערזען אויף די גאַסן אַזאַ גרויסע אַרבעטער-לויה און בעת זי איז געקומען אַנטקעגן ראַטוש, האָט זיך פונאַנדערגעוויקלט אַ גרויסע רויטע פאָן און אַ מוטיקע ליד האָט גע-נומען הילכן...

וואָס איז דאָס?

חברה גייט מיט אַ פאָן.

חברה זינגט פאַרבאָטענע לידער.

הערט!

אין קיין גאָט איז נישט פאַרהאַן,

און קיין מלך דאַרף נישט זיין.

אַלץ, אַלע, אַלע מוזן זיין פריי.

לאָזט אַרויס די הענער פון די שטייגן, די קאַטשקעס לאָזט אַרויס, שפאַנט אויס די פערד פון די אגלאָבלעס. — זאָלן זיי זיך פריי שפּאַצירן.

און דעם, וואָס מען פירט צום בית-עולם, דער שווינדזוכטיקער אַרבעטער איז גאָרנישט געשטאָרבן, נאָר די „עלעקטרי" איז פון אים אַרויס.

אַזוי האָט מען אַרומגערעדט און זיך געוויצלט אויף די גאַסן.

די פּאָליציי האָט דערווייל ביי איין גאַס פאַרצוימט דעם וועג און פאַרלאַנגט, אַז די באַגלייטער פון דער לויה זאָלן זיך פונאַנדער־גיין, בלויז די קרובים מעגן בלייבן ביים מת.

די אַרבעטער האָבן נישט געפאָלגט און גענומען העכער זינגען. איז געוואָרן אַ געשריי, אַ טומל, אַ שאָס האָט זיך דערהערט, מען האָט זיך געאַמפּערט מיט דער פּאָליציי, וועלכע האָט געוואָלט אַרויסרייסן די פאָן און סוף־כל־סוף איז די פאָן צוריסן געוואָרן.

באַלד זיינען אויך געקומען דראַגונער און זיי האָבן גענומען מיט בלאַנקע שווערדן פונאַנדעריאָגן דעם עולם.

איך בין געשטאַנען אין אַ טויער און מיט האַרץ־קלאַפּעניש, מיט שרעק געקוקט אויף אַלץ און אַלעמען.

די ווילדע סאָלדאַטסקע פערד האָבן גאַלאָפּירט און געשפּרונגען, בלויזע בלאַנקע שווערדן בליצן איבער אַלעמענס קעפּ און מענטשן צעשראָקענע לויפן אַהין און אַהער, באַהאַלטן זיך...

פלוצלונג נעמט מען שיסן פון אַלע זייטן, די פערד דערשרעקן זיך און נעמען נאָך ווילדער שפּרינגען. אַ שטיק ווילדקייט אַ צונויפגעמאָסענע: דער דראַגונער מיט זיין פערד...

די גאַס איז ליידיקער געוואָרן, די לויה איז אַוועק צום בית־עולם מיט עטלעכע באַגלייטער און די איבערגעבליבענע דראַגונער, זיי האָבן נאָך אַלץ געזוכט אַ שטיקל אַרבעט.

אין דער רגע איז אַ יונגערמאַן דורכגעלאָפן דעם ליידיקן פּלאַץ און זיך געוואָלט ערגעץ באַהאַלטן, האָבן אים די סאָלדאַטן אויף די פערד באַמערקט, אַ יאָג געטאָן זיך נאָך אים, דער יונגערמאַן האָט זיך דערשראָקן און האָט אויפגעהויבן די הענט, דערלאַנגט גלייך אַ בליץ אַ שווערד און האַקט אַראָפּ ביים יונגענמאַן אַלע פינגער פון איין האַנט... לויפט ער אַזוי, דער פאַרווונדעטער און בלוט שפּריצט פון זיין האַנט, ווי פון אַ פאָנטאַן, אויף די שטיינער, אויף אַ ווייסער וואַנט פאַלן די רויטע טראָפּנס... איך האָב צוגעמאַכט פון שרעק די אויגן.

און ווען איך האָב זיי אויפגעמאַכט, בין איך שוין געווען אַן אַנדער מענטש, אַהיים בין איך שוין געקומען אַן אַנדערער, איך האָב גע־ברענט פון נקמה, יענע בלוט, וואָס האָט געשפּריצט פאַר מיינע אויגן, האָט

אויף מיר מער געווירקט, ווי די אַלע אַגיטאַציעס, ווי אַלע ביכלעך.

יאָ, וועגן די ביכלעך: מיטאַמאָל זענען אַלע אומתן געוואָרן פאַר מיר אָפּן, קלאָר און דייטליך, אַלץ, וואָס איך האָב דורכגעלעזן פאַר דער לעצטער צייט, אַלץ האָט אַ געשטאַלט באַקומען.

אין דעם זעלבן אָוונט בין איך שוין געגאַנגען מיט הבר נח׳קע אויפן שאָסיי, אויפן לאַנגן ווייסן שאָסיי, וואָס איז, ווי אַ ליילעך, גע־לעגן צווישן וואַלד...

און נח׳קע האָט דערציילט פון רעוואָלוציע און קאַמפּן. איך האָב געשוויגן — מיר איז אַלץ איינס געווען, וועלכע פאַקטן ער זאָל נישט ברייַנגען: איך בין געווען אויפגעבראַכט אויף דאָס שלעכץ פון דער וועלט...

נאָר נח׳קע איז נאָך אַלץ נישט זיכער, צו ער איז שוין מיט מיר פאַרטיק, ער ברייַנגט אַלץ נייע אַרגומענטן:

— די בעסטע מענטשן, זאָגט ער, קומען צו אונז, אַ סך גייען אַוועק פון זייערע רייכע טישן, פון זייערע ווייכע געלעגערס און קו־מען צו אונז. זיי וואַלגערן זיך אויף די האַרטע נאַרעס פון די טור־מעס, פאַר זיי בויט מען תליות, נאָר דאָס שרעקט קיינעם נישט אָפּ — מיר וועלן זיגן.

און נח׳קע מיט דער שטילער נאַכט אַרום, מיט דעם בלוטיקן טאָג — עס האָט אַלץ צוזאַמען שטאַרק געווירקט אויף מיר. איך בין געוואָרן זייערער...

פון דעמאָלט אָן האָב איך מיין גאַנצע ענערגיע אַוועקגעגעבן די קרייזלעך אונזערע. איך האָב פאַרגעסן טאַטע און מאַמע, איך האָב פאַרוואָרפן מיין לערנען און פאַר אַזאַ פלייסיגקייט האָט מיך די אָר־גאַניזאַציע גאַנץ גיך אויפגעהויבן, מיין אַרבעט איז אָפּגעשאַצט גע־וואָרן, מען האָט מיך אין די אויגן געלויבט און גיך, גיכער ווי אַנ־דערע, בין איך געוואָרן אַ מיטגליד פון אונזער קאָמיטעט און דאָס האָט אַרויסגערופן קנאה און פאַרדרוס.

— „קאָמיטעטשיק".

אַזוי האָט מען מיך גערופן מיט איראָניע... איך בין זיי, די נישט־פאַרגינערס, מוחל געווען, איך בין דאָך געווען אַן „אידעאַליסט"

און אויסער דעם, האָב איך אַליין נישט איבערגעשאַצט מיין ווערט אַלס אָרגאַניזאַציע־מענטש.

אפשר זענען זיי, די קריטיקער גערעכט?

אפשר בין איך טאַקע צו פרי אַריין אין קאָמיטעט און געוואָרן אַ יחסן?

אין דעם אָרגאַניזאַציע־לעבן איז אויך געווען גענוג קאַריעריזם און קאָנקורענץ.

נאָר איינס האָט מיך געטרייסט: איך האָב געאַרבעט מיט לייב און זעעל, איך האָב אָפּגעגעבן אַלץ, וואָס איך האָב פאַרמאָגט.

צו יענער צייט בין איך צום ערשטן מאָל אַוועק פון שטוב און געוואָרן אַ מענטש פאַר זיך. איך האָב שוין געהאַט אַן אייגענעם צימערל, אין וועלכן איך פלעג פאַרזיכטיק אַריינגיין און פאָרזיכטיק אַרויסגיין, ווי אַ חיה פון איר נאָרע, ווייל מען האָט מיך שוין נאָכגעשפּירט. און אַזאַ לעבן האָט גערייצט, אַזאַ לעבן האָט פון אַ יינג־בחורל געמאַכט אַ העלד, אַן איינשטעלער...

דרך ארץ! אויף מיר לויערן שפּיאָנען און זשאַנדאַרמען, יעדן טאָג, יעדע נאַכט קאָן איך אַרעסטירט ווערן, מען וועט מיך אין אַ „אָדינאָטשקע" האַלטן, קיין סיביר פאַרשיקן, איך האָב זיך געהאַלטן פאַר אַ גרויסן יחסן.

און טעג זענען געגאַנגען.

איך האָב געלערנט מיט די אַרבעטער קאַפּיטלען פון מאַרקסען און שעלגונאָוו, נאָר נישט אַלעמאָל בין איך צופרידן געווען מיט מיין טעאָרעטישע אַרבעט, בעסער פילן פלעג איך זיך אין דער פּראַקטישער אַרבעט. איך האָב שוין געוווסט דעם גאַנצן מעכאַניזם פון אונזער אָרגאַניזאַציע, געוווסט עטליכע מיטגלידער פון קאָמיטעט, וועלכע פלעגן אַראָפּפאָרן צו אונז פאַרשטעלטערהייט: מיט ברילן און אָן ברילן, מיט בערד און אָן בערד און נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס איך בין שוין געווען אַן אייגענער מענטש, וואָס איך אַליין האָב שוין אַ סך געאַרבעט, האָב איך נאָך אַלץ געקוקט מיט דעם גרעסטן רעספּעקט און נייגעריקייט אויף די דאָזיקע מענטשן, וואָס פלעגן אַרומפאָרן אָרגאַניזירן און קאָנטראָלירן דעם ראַיאָן. צווישן זיי זיינען געווען אַזעלכע וואָס זיינען שוין דורכגעגאַנגען אַ סך תפיסות און אין סיביר זיינע

זיי שוין אויך געווען, זיי פלעגן זעלטן ווען רעדן וועגן זיך, נאָר אַרום יעדערן פון זיי האָט זיך זיין לעגענדע געוועבט.

און געוואָלט האָט זיך דעמאָלט יעדערן פון אונז, יונגע שניק־קעס, ווערן אזא נסתר, אַזאַ געהיימער מענטש, איבערקומען אַלע זייערע צרות און ווערן אַזאַ יחסן אין דער אָרגאַניזאַציע.

מען זאָל גלויבן און פאָלגן דיין יעדער וואָרט.

מען זאָל דיך אָנקוקן אין קיינמאָל נישט וויסן אינגאַנצן, ווער דו ביסט. יאָ־דיאָ, זיין אזוי פאַרשלייערט, שטאָלץ און קאָנספּיראַטיוו.

איך האָב געאַרבעט, געלאָפן פון איין עק שטאָט אין דעם צווייטן, אָרגאַניזירט „סכאָדקעס" און פאַרזאַמלונגען.

אונזערע פאַרזאַמלונגען אין אונזערע געדיכטע וועלדער, וועלכע האָבן זיך אַזש ביז ביעלאָוויעזש געצויגן.

זומער פלעגט כמעט יעדן שבת אַזאַ פאַרזאַמלונג אין וואַלד פאָרקומען.

און אויב וואַלד איז פאַר מיר שטענדיק געווען אַ רייצענדע גע־היימניס מיט דעם צווייגן־פּלאָנטער, מיט די קלאַנגען, האַלב־קלאַנגען און שאָרכן פון ווינטל, איז איצטער דער וואַלד פאַר מיר געוואָרן נאָך מער געהיימער, נאָך מער טייער, ביז שרעקעדיק טייער.

ערגעץ אונטער אַ בוים ליגט אַ בחור און לייענט אַ ביכל, אָבער איך גיי און זאָג דעם אָפּגערעדטן פּאַראָל: „קאַמף", „דאַנטאָן" אָדער „פּעראָווסקאַיאַ", אָדער אַ נאָמען פון אַ שטאָט, טייך, שטערן. צו זיך אליין זאָג איך עס און דער בחור גיט זיך באַלד אַ ריס אָפּ פון לייענען און ווייזט אָן: „גיי אויף לינקס, חבר!" איך גיי אויף לינקס און דאָרטן ליגט ווידער אַ בחור און לייענט, דער שיקט מיך שוין אויף רעכטס.

און אָט אזוי כסדר „רעכטס", „לינקס", „לינקס", „רעכטס". איך גיי אין דעם לאַבירינט פון די סאָסנעס, וואָס יעדער איינע פּלאָנטערט זיך אנדערש אויס אירע צווייגן. אַלע ביימער אזעלכע רויקע, שבת'־דיקע. זיי, די ביימער האָבן שוין לאַנג אָפּגעהאַלטן זייערע פאַרזאַמ־לונגען, שוין לאַנג זענען זיי געקומען צום באַשלוס, אַז די וועלט איז שיין און שענער פאַר אַלץ איז גאָטס גרינס, האָבן זיי זיך אַלע אָנגעטאָן אין גרינע טלתים און זיי דאַווענען צו גאָט...

ווען דער וועג זאָל זיך נאָך אַ ביסעלע ציען, וואָלט איך אײַנגעגאַנצן פאַרגעסן, צו ווען און צו וואָס איך גיי. אַזוי שטיל אין טייער איז דער וועג אין וואַלד. נאָר אָט קוק איך אין אַ ווינקל, וואו די ביימער האָבן זיך געדיכטער צונויפגעפרעסט און אונטער דעם דאָזיקן ביימער־געזעמל איז פאַראַן אַ שטיקל לאָנקע, וואו אַלע אונזערע וואַרטן שוין.

עס שווייגן די ביימער, די בלויע הויכקייט איבער אונז שווייגט. בלויז איינער רעדט, איין דאַר בלייך מענטשל רעדט, שטייט אויף אַ בוים און רעדט לאַנג־לאַנג.

און אַזאַ שטילקייט איז אַרום.

מענטש און בוים האָבן אָטעם איינגעהאַלטן, אַ שישקע רייסט זיך אָפּ, נאָר ביז דער ערד דערפליט זי נישט, וויל נישט אָנמאַכן קיין גרויסן טומל, פאַרהאַלט זי זיך אין אַ צווייג און בלייבט הייענגען...

אַלץ האָרכט, וואָס דער דאַרער יונגערמאַן רעדט.

אַז די וועלט, גאָטס שיינע טייערע וועלט איז שרעקלעך פאַרדאָרבן, איין מענטש ביים צווייטן האָט גערויבט דעם גן־עדן אויף דער ערד.

ווי טייער, ווי יונג אונזער צאָרן איז, אונזער גרייטקייט צו גיין אויף אַלץ...

אין קאָפּ ביי מיר ווערן געבוירן אייגענע געדאַנקען, אין האַרצן צינדט זיך עפּעס אָן. איך נעם אַ וואָרט, איך קלעטער שוין אויפן בוים...

און אָט קוקן שוין אויף מיר די הונדערטער אויגן, איך ווייס נישט אַליין, פון וואַנען עס נעמען זיך צו מיר די אַרגומענטן, די געדאַנקען און פאַרגלייכונגען, נאָר ווען מען זאָל מיך לאָזן — אַ מעת־לעת וואָלט איך גערעדט פאַרן עולם.

ביז פאַרנאַכט ציען זיך די דיסקוסיעס. עטלעכע מאָל קומען זאָגן די „שומרים", וואָס היטן און שפּירן נאָך, עס זאָל נישט זיין קיין דורכפאַל, עטלעכע זענען זיי שוין אָנגעקומען און אָנגעזאָגט, אַז פּאָליציי שנאָרכט און זוכט אונז".

עס ווערט אַ טומל, נאָר באַלד באַרואיקט מען זיך. עטלעכע פון אונז האָבן רעוואָלווערן און עס גלויבט זיך אַזוי אין די אייגענע כחות.

שפּעט גייען מיר אַהיים דורכן שאָסיי. פון ביידע זייטן שווייגט פאַרדעכטיק דער וואַלד, אַזוי ווי ער וואָלט אַלע סודות, אַלע געהיימניסן פון דער וועלט אין זיין שווייגן אַריינגענומען.

און מאָדנע!

מען האָט ביי זיך אָפּגערעדט נישט צו זינגען, מען האָט אָפּגערעדט, אַז מען זאָל זיך באַזונדער פונאַנדערגיין, איינציקווייז און דאָך אַלע קלייבן זיך צוזאַמען אין גרעסערע גרופּן און מען נעמט זינגען.

ביינאַכט אין וואַלד.

ווי פריילעך, ווי שטאַרק עס פלעגן אָפּהילכן אונזערע לידער. און די ווייסע לבנה, וואָס שפּרינגט פּלוצלונג אַרויס פון אונטער די ביימער, ווי אַ שפּיאָן... שטעלט אָן די אויערן און האָרכט זיך איין.

מיט אַמאָל באַפאַלט מען אונז.

פּאָליציי האָט אונז אָפּגעטשאַטשעוועט און איצטער ווילן זיי אונז אַרומרינגלען, מיר שפּרינגען אָבער איינציקווייז אַריבער דעם גראָבן פון שאָסיי.

און אין וואַלד אַריין!

געפּאַלן און געלאָפן, געלאָפן און געפּאַלן ביז די כחות גייען אויס.

און אָט ליג איך שוין אַליין אויף די טרוקענע נאָדלען אין וואַלד און וואַרט אויפן טאָג, ווייל אַנדערש וועל איך זיך פון דאַנען נישט אַרויסקריגן—עס איז פינסטער און נאַכט אַרום.

אין וואַלד איז נאַכט, נאָר אויף דער נשמה איז אַזוי יום־טובדיק

אָט האָב איך זיך צוגערירט מיט דער נשמה צום לעבן, צו דער וועלט און צו אַלע צרות פון דער וועלט. עס וועט זיין גוט, עס וועט אַמאָל זיין זייער גוט אויף דער ערד. איך ליג אַזוי און וואַרט אָפּ, אַז דער ערשטער בלייכער שטראַל זאָל זיך לייגן צווישן די ביימער.

און ווען דער ערשטער שטראַל באַווייזט זיך, ווילט זיך נאָך אַלץ נישט אַוועקגיין פון וואַלד ביז דער פויגל דערלאַנגט דעם ערשטן האַלב־אומעטיקן, האַלב־מונטערן טרעל...

# אַרום דעם אַלטן בית־עולם

## II

דער זאַמלפּונקט, ווו די אַרבעטער פלעגן זיך באַגעגענען נאָך דער אַרבעט, האָט געהייסן די „בירזשע".

אין מיין שטאָט איז די בירזשע געווען אויף דער סוראַזער גאס; דער אָרעמסטער קוואַרטאַל איז דאָס געווען: בעלי־עגלות, קאַטאַרינ־שטשיקעס, טרעגערס און אַלע אַלטוואַרג־הענדלער האָבן דאָרט געלעבט אין יענע קרומע און שמאָלע געסלעך, די הייזלעך האָבן דאָרט אויסגעזען, ווי הינטישע ביידלעך. אַ שפּאָר ביסל גנבים האָבן דאָרט געוואָרט און געלויערט דעם מאָמענט, ווען מען וועט זיך שוין קאָנען אַריינרייסן אין די רייכערע קוואַרטאַלן און גנביסן פון דאָרט עפּעס.

די בירזשע איז געווען אויף אַ קרייץ־וועג צווישן די אַריינגעבויגענע געסלעך, אַזוי אַז בעת אַן אָבלאַווע האָבן חברה זיך געקאָנט צעשיטן אויף אַלע עקן. איינס, צוויי און דער עולם איז שוין נישטאָ — גיי זוך וועמען אין דעם פּלאָנטער פון די קרומע היידלעך.

דערצו האָט נאָך זייער שטאַרק צוגעהאָלפן דאָס, וואָס אויף דעם זעלבן אָרט, ביי דער סאַמער בירזשע איז געלעגן אַן אַלטער בית־עולם, דער עלטסטער יידישער בית־עולם פון שטאָט. זיין פּאַרקאַן איז געווען שטאַרק צעשעדיקט, אַ שטיין נאָך אַ שטיין האָט זיך אָפּגעריסן, אַזוי, אַז אין עטלעכע וואָכן איז פון בית־עולם־פּאַרקאַן שוין קיין זכר נישט געבליבן, קאַטשקעס און הינער פלעגן דאָרט אַרומשפּאַצירן צווישן די מצבות. אָט ביי דעם דאָזיקן בית־עולם איז דורכגעגאַנגען אַ גרויס שטיק לעבן פון אונזער שטאָט.

דערציילט האָט מען, אַז אין אַמאָליקע צייטן פלעגן זיך אויף דעם אַלטן בית־עולם באַהאַלטן אַלע גנבים, אַנטלאָפענע זעלנער, נאָר איצט, זינט די „באַוועגונג" האָט זיך אָנגעהויבן, איז דער בית־עולם געוואָרן אַ שטיק אייגנטום פון זייער חברה.

פֿאַרנאַכט־צייט פֿלעגן דאָרט אָנקומען די אַרבעטער פֿון ווערקשטאַטן און פֿון די פֿאַבריקן: די געזונטע גאַרבער־יונגען מיט אַ שווערן ריח פֿון געווייקטער פֿעל. זיי זענען געווען די שטענדיקע העלדן פֿון אַלע קאַמפֿן מיט דער פּאָליציי, מיט די שטרייק־ברעכער. ערב דער באַוועגונג האָבן זיי זיך אויך געשלאָגן... אין די שענקען די גאַרבער־יונגען זענען געווען די באַרימטסטע אויף דער גאַס, וועגן זיי האָט מען דערציילט, אַז יעדערער פֿון זיי עסט אויף אין אַ שפּאַן אַ גענדזל און טרינקען טרינקט יעדערער פֿון זיי אויס ביי איין זיץ אַ צוואַנציק גלאָז ביר... איצט זענען זיי געוואָרן די זיילן פֿון דער אָרגאַניזאַציע, די ערשטע ריזיקאַנטן. אויף דער „בירזשע" האָט מען זיי גלייך דערקענט לויט דעם ריח, וואָס האָט זיך געטראָגן פֿון זיי, לויט די פֿאַרסמאָלעטע הענט...

עס פֿלעגן אויך קומען די בלייכע מיידלעך פֿון יאַנאָווסקיס טאַבאַק־פֿאַבריק, מידע, בלאַסע, איינע בלייכער פֿון דער צווייטער, אַזוי ווי ווייסע שלאַנקע בלומען... די וועבערס פֿלעגן קומען מיט אויסגעצויגענע פּנימער און מיט איין פּלייצע נידעריקער. יעדער פֿאַך האָט זיך שוין געלאָזט פֿון ווייטן דערקענען..

די פֿאַרמעלטע בעקער־יונגען, די פֿעטע קצבים־יונגען, מוליאַרשעס מיט וואַפּנע אויף די שטיוול, מאָלערס מיט קאָלירטע פֿינטלעך אויף די בגדים...

אַנדערע פֿלעגן בלויז פֿאַרבייגיין די בירזשע, זיך באַגריסן מיט חברים און גיין ווייטער צו זיך אַהיים רוען, צו ווייב און קינד. אַנדערע ווידער פֿלעגן דאָ בלייבן שטיין ביז אין דער שפּעטער נאַכט אַריין.

עס איז דאָ געגאַנגען אַ גרויסע אַרבעט, יעדער פֿאַך האָט געהאַט זיין הייפֿל אין דער אָרגאַניזאַציע, יעדער קרייז האָט זיך אָרגאַניזירט און באַפֿעסטיקט זיין עקזיסטענץ.

טאָג־איין טאָג־אויס, עס האָבן זיך אַנטוויקלט שטרייקן, גרעסערע און קלענערע, קורצע און לאַנג־דויערנדע. עס זענען אַריינגעשלעפּט געוואָרן אין דער באַוועגונג אַלע עלעמענטן פֿון דער אַרבעטערשאַפֿט.

און אַלץ האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום אַלטן בית־עולם, אַרום דער בירזשע. און יעדן פֿאַרנאַכט האָט דאָ געזשווזשעט און געזשומט.

אַ מין מיטלפּונקט פון דער וועלט איז דאָ געוואָרן.

אַלע נײַעסן פון דער רעוואָלוציע, פון באַרימטע שטרײַקן און מלחמות, אַלץ פּלעגט מען זיך דערוויסן אויף דער בירזשע. עס זע־נען געווען אַזעלכע נײַעסן, וואָס אַלע האָבן געמעגט וויסן און אַזעל־כע, וואָס נאָר יחידים פּלעגן עס וויסן און פֿאַרבאָרגן פון אַלעמען— קאָנספּיראַציע.

די אײַנוואוינער פון די ומיקע נידעריקע הײזלעך האָבן שוין געוואוסט, אַז יעדן פֿאַרנאַכט אָדער אין אַ טאָג, ווען די פֿאַבריקן שטרײַקן, מוזן זײ דאָ קומען, די חברה און טומלען און שושקען זיך.

פּאָליצײַ פּלעגט זיך דאָ זעלטן ווען באַווײַזן, פּשוט דערפֿאַר, ווײַל זײ האָבן מורא געהאַט. נישט אײנער פון זײ איז שוין אַוועק־געלײגט געוואָרן אין די טונקעלע פֿאַרנאַכטן.

אויף פֿרעמדע מענטשן, אויף אַזעלכע, וואָס קומען אויף דער בירזשע צום ערשטן מאָל, אויף אַזעלכע וואָס דרייען זיך דאָ אַרום אָן באַקאַנטשאַפֿט, האָט מען געקוקט פֿאַרדעכטיק און אָפֿט, זײער אָפֿט פֿלעגן אַזעלכע באַקומען קלעפּ, אַ סך מאָל אומשולדיקע קלעפּ, ווײַל מען האָט יעדן געהאַלטן פֿאַר אַ שפּיאָן.

אויסער די אַרבעטער, פֿלעגן די בירזשע פֿול מאַכן די אָרגאַני־זירטע פּריקאַזטשיקעס און גלאַט אַזוי בעל-הבתּישע בחורים, וואָס האָבן אַוועקגעוואָרפֿן דאָס לערנען און גענומען קעמפֿן, בחורים מיט לאַנגע האָר, מיט שוואַרצע אויסגענײטע העמדער, מיט ברילן, אַמאָל אַזעלכע מיט אַ פֿראַנצויזישן שטעקל, מיט אַ מאָדערנעם שלײפֿל... געווען פֿאַר־שידענע.

אײנער שפּרײַזט לאַנגזאַם, דער צווײטער לויפֿט און טומלט, לויפֿט פון אײן חבר צום צווײטן און רוימט אין אויער אַרײַן אַ סוד, וואָס אַלע ווײסן שוין:

—מאָרגן, צוועלף אַ זײגער... אַ דעמאָנסטראַציע, אַלע דאַרפֿן זיך שטעלן אונטערן ראַטוש... וואַרטן אויף אַזאַ און אַזאַ סיגנאַל...

און פון אַזעלכע סודות פֿלעגט די בירזשע ווערן שווײַגנדיקער, אײַנגעהאַלטענער און מער ווירדיק...

בחורים באַגעגענען זיך דאָ מיט זײערע מײדלעך, נאָר אויף

דער בירזשע פלעגט מען זיך קיין סך צערטלעכקייטן נישט ערלויבן, איינער פאַרן צווייטן האָט זיך געשעמט, וואָס ער פאַרנעמט זיך אין אַזאַ ווילטיקער צייט מיט אַזאַ נישט פראַקטישער אַרבעט, ווי ליבע...

די סאַמע זאָרגלאָזע און פרייליכסטע פלעגן אויך ווערן רואי־קער, קיין הויכן געלעכטער נישט אַרויסגעלאָזן.

און פּלוצלונג... שאַ!

עס באַווייזט זיך אַ נייער אין באַגלייטונג פון אונזערן אַ חבר. ווי אַ גענעראַל מיט זיין אַדיוטאַנט, אַזוי גייען זיי פאַרביי די בירזשע און דער עולם האָט שוין פון וואָס צו שושקען זיך.

—פון צענטראַלן קאָמיטעט...

—פון פּעטערבורג.

—ניין, פון וואַרשע...

—פון צענטראַלן...

און עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז ערגעץ־וואו אין אַ קאָנספּי־ראַטיוועך, טויזנט מאָל פאַרבאָרגענער פעסטונג, אין אַ פאַרשלייערטן ווינקל פון דער ערד, אָדער ערגעץ דאָרטן אונטער דער ערד, ערגעץ זיצט ער דאָרטן אונזער מעכטיקער, אונזער איינציקער צענטראַלער קאָמיטעט און פירט אָן מיט דער וועלט און, דער עיקר, מיט אונזער אָרגאַניזאַציע...

מיר פלעגן יעדן נייעם מענטשן אָננעמען פאַר אַ מיטגליד פון צענטראַלן קאָמיטעט. דערנאָך האָב איך שוין פאַרשטאַנען דעם טעות: דאָס זענען געווען פּאַרטיי־טוער, וואַנדערנדע רעדנער, אַגיטאַטאָרס און פּראַקטיקער און געניגערט האָבן זיי דערפאַר, ווייל יעדער איז געווען איינגעהילט אין קאָנספּיראַציע, איינער פון צווייטן האָט גאָר־נישט געוווסט, כל זמן ער האָט נישט געדאַרפט וויסן.

ווען אין שטאָט פלעגט אויסברעכן אַ שטרייק, פלעגט די בירזשע זיין טעטיק אַ גאַנצן טאָג און דאַן פלעגט אויך דער אַלטער בית־עולם אויפלעבן.

קברים, מצבות—מיר האָבן פון דעם ווייניק געהאַלטן. אַ מצבה, וואָס קאָן דינען פאַר אַ ביינקעלע צו זיצן, איז אַ גאַנץ גוטע מצבה און אַז אויף אַ קבר וואַקסט גראָז, איז אַ מחיה צו ליגן אויף אים.

אַ', וואָס שטאָט טומלט אויף דעם, פלעגט זשאַמע דער גאַר־בער ענטפערן:

—אַז די טויטע פאַרדריסט נישט, וואָס אַרט עס די לעבעדיקע.

די שטאָט איז געווען אויף אונז שטאַרק אין כעס, וואָס מיר צוטרעטן און פאַרשוועכן די קברים און מער פאַר אַלץ האָט פאַר־דראָסן דאָס, וואָס מיט אונז בחורים קומען אויך מיידלעך אויפן בית־עולם. מיידלעך מיט בחורים אויפן הייליקן אָרט! דאָס האָט אַלעמען שטאַרק געקריינקט, און נישט איינמאָל האָט עס געהאַלטן דערביי, אַז די בייזע בעלי־הבתים זאָלן זיך פאַרייניקן מיט דער פּאָליציי און אונז גוט דיביינער אָנברעכן... זיי האָבן דאָך מורא געהאַט אָנצוהויבן מיט די גאַרבער. זיי האָבן געזאַמלט די כחות פאַר וויכטיקערע ענינים...

און איינמאָל האָט מען אונז אפילו געשיקט רופן פון די בעל־הבתים וועגן ענין בית־עולם. די אָרגאַניזאַציע האָט מיך מיט זשאַמע גאַר־בער באַפולמעכטיקט אויסצוהערן, וואָס בעלי־הבתים פאַרלאַנגען פון אונז.

איינגעלאַדן האָט מען אונז אין „לינת־הצדק”, באַגעגנט האָבן אונז עטלעכע בערדיקע בעל-הבתים, צווישן זיי איז אויך געווען איי־נער אַ באַוואוסטער דין.

יענע זיינען גלייך צוגעטראָטן צו דער זאַך, פאָרגעוואָרפן אונז, אַז מיר פירן זיך ערגער, ווי די ערלים און איידער איך האָב באַוויזן, וואָס צו ענטפערן, האָט שוין זשאַמע געגעבן קול:

—וואָס ווילט איר פון די אַרבעטער? קנאַפּ אייך, וואָס די לעבעדי־קע פּיאַווקעס רייסן פון אונז שטיקער פלייש און טרינקען אונזער בלוט, ווילט איר אויך, אַז די טויטע זאָלן אונז אויך קיין רו נישט געבן... וואָס ווילט איר? די מתים האָבן דאָך אַמאָל געלעבט, געגאַנ־גען אויף דער ערד, הנאה געהאַט פון עולם־הזה. איצט לעבן מיר און זיי זאָלן זיך דאָרט רואיק ליגן אין דער ערד...

האָט זיך דער דין אַריינגעמישט:

— סטייטש, איר זענט דאָך לעבעדיקע מענטשן ביז הונדער און צוואַנציק יאָר און נאָך אייער טויט וואָלט איר דען וועלן, אַז עמיצער זאָל טרעטן אייערע קברים... איר וועט דאָך אויך אַמאָל שטאַרבן.

דאָ האָט ער שוין נישט אויסגעהאַטן און אויפגעשפּרונגען ווי אַ ווילדער:

— וואָס, מיר װעלן שטאַרבן? מיר? מיר וועלן שטאַרבן? מיר וועלן נאָר פריער צערעכט מאַכן דעם קיסר מיט זײַנע זשאַנדאַרמען, מיר וועלן נאָר פּטור ווערן פון די פאַבריקאַנטן, וועלן מיר זיך דאַן געמען צום מלאך־המות... מיר... מיר... מיר וועלן לעבן אייביק.

און מער נישט גערעדט, וואָס איז פאַראַן צו רעדן מיט מענטשן, וואָס זאָגן אונז פאָר, אַז מיר וועלן אויך שטאַרבן. מיט כּעס און אויפרעגונג זענען מיר אַוועק פון די בעל־הבתּים און חברה האָט זיך ווידער פאַרבראַכט אויפן בית־עולם.

אָבער אין אַלגעמיין האָט זיך אונזער אָרגאַניזאַציע נישט אויפגעפירט אַזוי שלעכט, אויף צו להכעיס האָבן מיר קיינעם נישט געטאָן. אויפן בית־עולם זענען מיר געגאַנגען, ווײַל דאָרט איז געווען אַ ביסל פרישע גראָז, אַ ביסל שאָטן פון עטלעכע גרויסע ווײַדעס־ביימער.

און די סקאַנדאַלן פלעגן אַרויסקומען דערפאַר, ווײַל נישט מיר אַליין זענען געווען די באַזוכער פון בית־עולם. אין שטאָט זענען אויך געווען אַנאַרכיסטן, יענע פלעגן דאָרט מאַכן זייערע „מאַיאָווקעס״ טרינקען שנאַפּס פלעגן זיי און עסן שינקע. איינמאָל האָט פּאָליצײ דאָרט געפונען באָמבעס מיט געווער אין אַ קבר, אַ צווייטן מאָל האָט מען דאָרט געפונען געגנבעטע חפצים... אַלץ, די אַלע זינד זענען געפאַלן אויף אונזער קאָפּ. האָט מען גענומען רעדן, אַז די שטאָט וועט פאַרמויערן דעם בית־עולם מיט אַ הויכן פּאַרקאַן.

„העי!״ זשאַמע האָט זיך פון דעם אויסגעלאַכט:

— שטאָט וועט זיך נישט לאָזן קאָסטן אַזויפיל געלט צוליב אַן אַלטן בית־עולם.

די אַנאַרכיסטן ווידער האָבן געזאָגט, אַז וואָס פאַר אַ פּאַרקאַן מען זאָל נישט שטעלן, וועלן זיי אים סייוויסיי אויפרייסן. זיי זענען דאָך די אמתע קנאַקערס.

זיי האָבן דינאַמיט, באָמבעס. שפּעטער האָט מען אויך דערציילט, אַז פאַר גיין אויפן בית־עולם וועט מען באַשטראָפן מיט דריי חדשים תּפיסה, נאָר פון די אַלע זאַכן האָט זיך גאָרנישט אויסגעלאָזן — דער בית־עולם איז געבליבן אונזערער, אין אונזער רשות. די ביידזשע האָט ווי פריער פאַרבראַכט צווישן די קבֿרים. קאָזעס האָבן דאָ צעדראַפּעט די שטיינער, קאַטשקעס האָבן זיך געוויגט אויף זייערע קוי־

לאַווע פיסלעך.

דער בית־עולם אַליין איז אַלץ עלטער געוואָרן און אַלץ מער צעשאָטן זיך.

דערפאַר האָט אָבער די בירזשע געלעבט, וואָס אַ טאָג אַלץ מיט מער לעבן. יעדער פאַך, יעדע אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט איר „ראָג", איר ווינקעלע, וואו עס פלעגן זיך צונויפקלויבן די מיטגלידער, די חברים... און פון די אַלע גרופּעלעך פלעגט אָפט ווערן אַ גרויסער געזעמעל, דאָס פלעגט פאָרקומען ערב גרויסע געשעענישן, אָדער נאָך די גרויסע געשעענישן.

עס פלעגט אויך אַוועקגיין אַ דיסקוסיע. אָנהויבן פלעגט זיך דאָס פון אַ וואָרט, פון אַ פראַזע און עס פלעגט אַוועק מיטן גאַנצן ערנסט, מיט פייער און ברען—ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין. שטיל איז געווען אַרום, די קאַטאַרינטשיקעס זענען שוין געשלאָפן, די אַלטוואַרג־הענדלער, די בעל־עגלות אַלע זענען שוין געשלאָפן. די קליינע האַלב־צעשאָטענע לאָדנס זענען צוגעמאַכט, דער לעצטער דראָשקאַרזש פאָרט אַהיים און ביידע שלאָפן זיי שוין, פאָרנדיק אַהיים: דער דראָזשקאַרזש און זיין פערדל, ערגעץ איילט נאָך אַ שטן—אפשר אַ גנב?

אין טונקעלן הימל פינקלט און צאַנקט זיך און דאָ, אויף דער ערד, איז אַוועק אַ דיסקוסיע... וועגן גאָט, וועגן משה רבינו, וועגן מאַרקסן... און וועגן וואָס נישט?

איינער רעדט, צוויי רעדן און די איבעריקע האָבן אויגן און אויערן אָנגעשטעלט, מען שלינגט פראָסט איין יעדעס וואָרט... ווער ווייס, מיט וועלכע חלומות די פּראָלעטאַריער וועלן היינט אַוועקגיין שלאָפן.

און פון דערווייטן קריכט ווער ביי די פּלייטן און האָרכט אַלץ אויס, האָרכט אַלץ אויס...

—חברה, אַ שפּיאָן? גיט איינער פון אונזערע אַ געשריי און טאַ־קע דער געשריי האָט קאַליע געמאַכט דעם גאַנצן עוסק, מען וואָלט אים דאָך געקאָנט פּאַקן דעם שפּיאָן. די נאַכט איז פינסטער, דער שאָטן ווערט פאַרשוואונדן ווי אין וואַסער אַריין.

גייט מען שלאָפן.

עס ווילט זיך נישט... ערשט איצט האָט זיך אין קאָפּ און אין

האַרצן אויפגעוועקט אַזוינס, וואָס לאָזט נישט שלאָפן, נאָר מאָרגן וואַרט אַ שווערער טאָג, שווערע אַרבעט און דער עולם צוגייט זיך גרופּנווייז און ביז דער טיר דיספּוטירט מען.

איך האָב זיך אויך געהאַט מיין שטענדיקן חבר

מיט נח׳קען דרייען מיר זיך נאָר אַרום איבער די גאַסלעך, מיר רעדן, מיר דיספּוטירן...

אַ מאָדנער בחור איז ער, דער נח׳קע. אַ רונדן קאָפּ האָט ער מיט טונקעלע אויגן, נאָר ער איז אַ מיאוסער. די ליפּן גראָב און בראָדאַוו־קעס האָט ער אויפן נאָז און אויף די באַקן.

די מיידלעך פלעגן אים קיין שמייכל נישט שיינקען און פאַר נח׳קען וואָלט גאָרנישט שלעכט געווען, ווען די אמתע גלייכהייט זאָל שוין אַמאָל אַראָפּקומען, עס זאָל נישט זיין שיין און מיאוס, אָרעם און רייך.

איך ווייס ביז היינט נישט, פאַרוואָס איך האָב נח׳קען ליב גע־האַט. אפשר דערפאַר, ווייל ער איז געווען דער גרעסטער טוער ביי אונז, ממש, איך האָב אים יעדן טאָג געמוזט זען.

געדאַכט האָט זיך מיר, אַז ער האָט שוין איבערגעלייענט אַלע ביכער פון דער וועלט און געדאַכט האָט זיך מיר, אַז נח׳קע ווייס אַלץ, אַלץ.

איך וואָלט אָבער וועלן מיט אים ריידן וועגן נאָך זאַכן, אויסער רעוואָלוציע, אויסער רייך און אָרעם, וועגן אַלץ, וואָס לעבט און צאַפּלט זיך, וועגן פריילינג, וועגן מיידלעך... יאָ, וועגן מיידלעך.

וויפיל מאָל האָב איך זיך שוין פאָרזיכטיק גענומען צו דער טעמע, געפרעגט אים, ווי געפעלט אים די אָדער יענע מיידל, די אָדער יענע חברט׳ע פון אונזערע קרייזלעך.

ער פלעגט עס אָבער זייער איינזייטיק פאַרשטיין, אָדער ער פלעגט זיך מאַכן, אַז ער פאַרשטייט עס אַזוי:

—יענע חברט׳ע, אָ יענע חברט׳ע... זי קאָן זייער צונוץ זיין דער אָרגאַניזאַציע, זי לייענט אַ סך און איז באַהאַוונט אין עקאָנאָמישע פראַגן...

נו, און אירע אויגן, איר געלעכטער? וואָס? זי לאַכט דאָכט זיך פון אַלע עקאָנאָמישע פראַגן.

וועגן איר געלעכטערל און קאָקעטעריע האָט נח׳קע נישט גע־וואָלט און נישט געקאָנט רעדן.

מיר פלעגן אַזוי שפּעט נאָך אַרומגיין אונטער דער גרויסער ווייסער לבנה, וועלכע פלעגט וואַרפן אַזוי פיל בלאַסע ליכט אויף די טונקעלע, אויסגעקרימטע הייזער אַרום בית־עולם, און בלויז אַ קינדער־שער געוויין פלעגט איבעררייסן די שטילקייט.

נח׳קע רעדט און דערציילט...

פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע האָט ער געוואוסט אַלע עפּיזאָדן, אַלע דאַטעס און גערעדט האָט ער וועגן יעדן העלד פון יענער צייט מיט דער גרעסטער ענטציקונג.

איין דאַנטאָן איז אים נישט געפעלן געוואָרן, ווייל...

ווייל ער האָט צופיל ליב געהאַט דאָס לעבן...

און דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, ווען מיר זענען זיך אַ ביסל צעגאַנגען אין די געדאַנקען.

וואָס מער שאָטן ער האָט געוואָלט וואַרפן אויף דאַנטאָנען, אַלץ מער ליכט איז אויף אים געפאַלן...

נאָר אַזוי ווי דאָס פלעגט אַריינברייטגען שאָטן אין אונזערע באַציאונגען האָבן מיר דאַנטאָנען אויפגעהערט צו דערמאָנען, כאָטש נח׳קע האָט קיינמאָל נישט דורכגעלאָזט צו ריידן וועגן דער פראַנצוי־זישער רעוואָלוציע...

אָפט פלעגט דער אָדער יענער ראָמאַנטישער עפּיזאָד פון יענע צייטן מאַכן קלאַפּן דאָס האַרץ, נאָר פיל מאָל פלעגן האַלבע שעהען אַריבער און איך האָב אַ וואָרט נישט געהערט, וואָס נח׳קע דערציילט מיר אָן.

געווען איז ער אַן „אומלעגאַלער" און נישט אַלעמאָל האָט ער געהאַט וואו צו נעכטיקן, פלעגט ער דערפאַר אָפט בלייבן אויפן בית־עולם.

עטלעכע מאָל האָב איך אויך דאָרט גענעכטיקט, אונטער דער וואַנט פון אַ צעפאַלענעם אוהל, די ביימער רוישן, ווי זיי וואָלטן תהלים זאָגן.

די נאַכט שווייגט. מיר פּרובן נאָך ריידן, נאָר נח׳קע איז אַזוי אויסגעמאַטערט פון טאָג, אַז ער שלאָפט גיך איין, נאָר איך בין יונג

און פול מיט מוטה, מיט נייגעריקייט, איך בין פאַרליבט אין דער וועלט, אין שווייגן פון דער נאַכט.

עס איז פינסטער, איך זע נישט די קאָנטורן פון די מצבות, נאָר איך ווייס, אַז מיר ליגן דאָ אויף אַ בית־עולם, אויף די ביינער פון געשטאָרבענע דורות...

און עס נעמט זיך טראַכטן נישט קיין פריילעכע מחשבות, אַז שטאַרבן מוז מען, טאָ צוליב וואָס דאַרף מען קעמפן, אַז שטאַרבן מוז מען...

נאָר באַלד פאַריאָג איך די געדאַנקען און איך נעם זיך אונ־טער נישט קיין לייכטע אַרבעט:

איך צייל די שטערן, איך נעם ציילן און פאַרליר דעם חשבון, אַזוי עטלעכע מאָל, דערביי פאַלט אַ שטערן אַראָפּ און איך ווייס נישט, צי איך באַדאַרף דעם אַראָפּגעפאַלענעם שטערן אַריינרעכענען, צי נישט?

ביז אין קאָפּ ווערט אַ מאָדנער פּלאָנטער פון די הויכע גאָלדע־נע פונקען, עס נעמט זיך פּעדעמען די נשמה מיט גאָלדענעם מאָ־זאַאיק און איך שלאָף איין...

אויף דעם שטויב פון פאַרגאַנגענע דורות, אויף צעבראָקלטע מצבות.

אין דער פרי פלעג איך זיך מיט נח׳קען שיידן אויפן בית־עולם—צוליב קאָנספּיראַציע און יעדערער פון אונז פלעגט פון אַ צווייטן זייט דורכן פאַרקאַן אַריבערקריכן און אין שטאָט זיך אַוועקלאָזן. וואו נח׳קע פלעגט אַהינקומען פלעג איך נישט וויסן. עפּעס ערגעץ האָט ער נאָך וועמען געהאַט, אַזאַ באַקאַנטן, מיט וועלכן מיר, די אי־בעריקע קאָמיטעטשיקעס האָבן זיך אין קיינע פאַרבינדונגען נישט געפונען...

ביי יענעם פלעגט נח׳קע געוויס נעמען די וויכטיקסטע נייעס און פאַראָרדנונגען... און אפשר, אפשר האָט אונז דאָס בלויז אויסגע־דוכט, אפשר איז דער איינער, דער אומבאַקאַנטער, דער פאַרהילטער בלויז אין אונזער פאַנטאַזיע געבוירן געוואָרן.

נאָר ביי נח׳קען אַליין האָט מען גאָרנישט געקאָנט וויסן, ער פלעגט אַרויפלייגן איין גראָבע ליפּ אויף דער צווייטער און שווייגן, ווי אַ פאַרשטיינערטער גאָט...

האָסט ביי אים קיינמאָל נישט געקענט דערגיין, צי דער מענטש האָט אין לעבן אַ וועלכע עס איז שטרעבונג אויסער דער אָרגאַניזאַציע. אפילו אויף אונזערע „ביבעס", וואו די גאַרבער־יונגען פלעגן אין זיך אַריינגיסן איין פלאַש בראָנפן נאָך דער צווייטער, וואו יעדער פון אונז פלעגט אויפגעלעבט ווערן און מיט לידער פון שיכור'ע מענטשן פלעגן מיר אַוועקטרייבן נאַכט... איין נח'קע האָט ווייניק געטרונ־קען, האָט גאַרנישט געזונגען, פלעגט זיך פלאָנטערן צווישן אונז און מיט זיין שוויגן, מיט זיינע פאַרגליווערטע אויגן און ווילד־גראָבע ליפּן פלעגט ער אונז דעם גרעסטן טייל היץ און פריילעכ־קייט צונעמען...

ער פלעגט אונז שוין ניכטער מאַכן.

ער האָט שטענדיק געהאַט זיין כונה דערביי: אונז נישט לאָזן צופיל זיך אָפּצוגעבן אַ וועלכע עס איז ליידנשאַפט, שטענדיק, אייביק און אומעטום אונז עגבערן און אַריינלייגן אין מח איין געדאַנק, אַז די וועלט איז צעטיילט אויף צוויי פיינלעכע לאַגערן, אַז יעדערער פון אונז איז אַ סאָלדאַט פון סאָציאַליזם, שטענדיק מוז מען זיין גרייט, שטענדיק אויף דער וואַך...

חברה גאַרבערס פלעגן ברייגנען אויף די „ביבעס" אַ סך בראָנפן, נאָר נח'קע פלעגט לאָזן אַ ביסל זיך פאַרדרייען די קעפּ, אַ ביסל ווערן באַגלעזלט און דערנאָך...

דערנאָך האָט ער שוין געהאַט זיינע משרתים... מען פלעגט אַראָפּגנבענען איין פלאַש נאָך דער צווייטער און אויסגיסן דעם ביטערן טראָפּן, וואָס מאַכט אַזוי פריילעך, וואָס מונטערט צו אַוואַנ־טורע און סקאַנדאַל...

ער פלעגט אונז שוין היטן און אָפּהיטן. אויף דער גאַס פלעגט ער לאָזן אַ פּאַטרול: פּאָליציי זאָל פלוצלונג נישט באַפאַלן. און אַז ווער פון אונזערע פלעגט בעמען זינגען־ריטשען, האָט ער באַלד געהאַט נח'קען לעם זיך... איין קוק מיט די פּאָר קאַלטע, ברייט־געעפנטע אויגן... און דער בראָנפן וועבט זיך אויס, ווי דער רויך פון אַ פּאַ־פּיראָס.

נח'קע האָט אונז אַלעמען געהאַט אויפן אויג, האָט געוואוסט אַלע אייַנצעלהייטן פון אונזערע שטוב־עניינים. ער האָט עס געדאַרפט

האָבן פּאַר זיינע פּלענער. אויסגעדוכט האָט זיך, אַז ער זעט קיינעם נישט און הערט קיינעם נישט–צו אַזוי ווי דער סיאַמער אָפּגאָט, וועלכער גלאָצט מיט די איבערגעדרייטע אויגן שטענדיק אויף איין פּינטל...

ער איז געווען דער נח'קע, אַזוי אומבאַוועגלעך־שווער, דער קאָפּ צוגעשמידט אויף אַ נידעריקן האַלז צו די ברייטע פּלייצעס, אַן אומ־געלומפּערטע סטאַטוע, וועלכע עמיצער האָט אָנגעגאָסן מיט בליי, נאָר די בראָדעוועקעס... בראָדעוועקעס... יעדע איינע פון זיי האָט גערעדט פון האַרטנעקיגער איינגעשפּאַרטקייט, פון אַן אַלטער טעמפּקייט, פון איין ליניע, אויף וועלכער דער מענטש האָט זיך געלאָזן און פון וועל־כער ער וועט שוין נישט אַראָפּ ביז זיין לעצטן אָטעם...

איך האָב אים דאָך ליב געהאַט, איך האָב געזוכט זיין געזעל־שאַפט. אפשר דערפאַר, ווייל איך מיט מיין גאַנצן כאַראַקטער בין גע־ווען זיין קאָנטראַסט און איך האָב נויטיק געהאַט דעם צעמענט, דעם בעטאָן פון זיין נשמה...

און באַמערקט האָב איך, אַז ער איז צו מיר אַביסעלע, אַ טראָ־פּעלע ווייכער, ווי צו אַנדערע. איך ווייס נישט, צי ער האָט נאָך פּאַר איינעם אַזוי פיל גערעדט וועגן זיין פיל מאָל געליבטער–וועגן דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע... ער פלעגט זיך אינגאַנצן אָנצינדן, אויף וויפיל אַ שטיין קאָן זיך אָנצינדן, בעת ער האָט גערעדט וועגן יענע בערימטע טעג אין פּאַריז, ער האָט אידעאַליזירט אַפילו די גיליאָטינע און אַלע אכזריות'ן...

איצט, נאָך צוואַנציק יאָר, ווען איך דערמאָן זיך זיין פּנים און ווען איך ווייס נישט, וואו זיין געביין איז אַהינגעקומען... איצט טראַכט איך, אַז ווען אַזאַ נח'קע לעבט אין יענע רויטע טעג, וואָלט אַזאַ ראַבעספּיער אויסגעזען ווי אַ שניפּעק אַנטקעגן אים.

איצט פאַרשטיי איך, פאַרוואָס ער פלעגט מיר גאַנץ אָפט פאַר־שיקן אויף אַ צוויי־דריי וואָכן אין די קליינע שטעטלעך, וועלכע זע־נען געלעגן אַרום מיין שטאָדט.

–חבר, וועסט פאָרן קיין זאַבלודאָווע, דאָרט איז די אַרבעט אינגאַנצן אָפּגעשטאַנען...

–חבר, וועסט פאָרן קיין קרינקי, די אַנאַרכיסטן קערן דאָרט

וועלטן, מען מוז זיי אַביסל אָפּקילן.

איך פלעג פאָלגן נח׳קעס באַפעלן, כאָטש איך האָב נישט פאַר־שטאַנען, פאַרוואָס ער האָט מיך געשיקט און נישט קיין אַנדערן. איך האָב דאָך דאָ, אין שטאָט, געקאָנט מער נוצן ברייננגען.

נאָר געווען איז דאָס דערפאַר, ווייל נח׳קע האָט באַמערקט, אַז איך קוק זיך צופיל איין אויף דער אָדער יענער מיידל, אָדער אַז אַ מיידל פלעגט צופיל קוקן און שמייכלען צו מיר. נח׳קע האָט דאַן געטראַכט, אַז ביי מיר מיט דעם מיידל הויבט זיך עפּעס אָן און אַזוי קאָן איך פאַרפאַלן גיין פאַר דער אָרגאַניזאַציע, האָט ער געהאַט דערצו איין עצה: ער פלעגט מיך פאַרשיקן אין די שטעטלעך... איצט ערשט פאַרשטיי איך דאָס נענוי.

איך געדענק אַ נאַכט, מיר האָבןביידע, איך און נח׳קע, נישט געהאַט וואו צו שלאָפן און געווען איז דאָס אין אַ שנייאיקן ווינטער. אַ גאַס־קאַלטע נאַכט, וואָס די קעלט האָט דורכגענומען יעדן גליד, דער שנייי האָט זיך געקלעפּט צו די פיס, עפּעס ווי אַ קאַלטער בליי, און די פיס זענען אַלץ שווערער געוואָרן.

שוין לאַנג האָט מען צוגעמאַכט די לעצטע טיר אין שטאָט, מיר מעסטן די גאַסן. נח׳קע האָט שוין אויפגעהערט צו רעדן וועגן דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, ער האָט פאַרשטאַנען, אַז איצט וועט אים קיינער נישט הערן.

איך מאַך אַ פרוב:

—אפשר אַריינגיין צו באַשען? ביי איר אין צימערל קאָן מען זיך דאָך שטענדיק אָפּרוהען.

—ביי באַשען? ניין, עס איז אַ סכנה, פּאָליציי זוכט אונז צו שטאַרק, זיי וועלן אונז דאָרטן טרעפן.

—אפשר צו טרייווישן?

—ניין, די בורזשועס לאָזן אונז ביי טאָג אַריין נישט מיטן גאַנצן האַרצן, און ווער רעדט נאָך ביינאַכט...

גייען מיר ווייטער, פאַרשנייטע, פאַרנעצטע, איינער צוגעשמידט צום צווייטן, מיט יענער חבר׳שאַפט, וואָס לאָזט זיך נישט שיידן, וואָס פאַרפליכטעט אויסצוטרינקען דעם ביטערן בעכער ביזן סוף און אינ־איינעם.

און די גאַנצע צייט דאַכט זיך מיר, אַז נח׳קען אין גאָרנישט אַזוי קאַלט, ווי מיר, אַז אים ווילט זיך גאָרנישט שלאָפֿן, אַז ער האָט הנאה פֿון דעם פֿאַרשאָלטענעם שפּאַציר איבער דעם נאַסן שניי.

און איך הויב עפּעס אָן צו קריגן אַ שנאה צו דער „מאַלפּע", ווי אַנדערע פֿלעגן אים פֿאַרבאָרגענערהייט רופֿן. ווי אַן אינקוויזיטאָר איז ער זיך רואיק.

חבר נח׳קע! מיר וועלן אפשר אַריינגיין צו די העלערס? דאָס זענען געווען צוויי שוועסטער: דארא און ליובע... ביידע בלאָנדע, יונגע, רייכע... מען האָט דערציילט אויף זיי, און עס איז אמת געווען, אַז זיי זענען נישט קיין איבעריקע צנועות... דאָס איז אמת, אַ סך פֿון אונזערע חברים, איבערהויפּט די אינטעליגענטן, האָבן געוואוסט, אַז אַלץ, וואָס מען דערציילט אויף זיי, אַז אַלץ איז אמת... זיי האָבן געלעבט אין אַ גרויס, ליכטיק הויז, וואו עס איז געווען אַ קלאַוויר, בילדער און טעפּיכער. די רייכע טאַטע־מאַמע האָבן כסדר פֿאַרבראַכט אין אויסלאַנד און די צוויי טעכטער זענען געוואָרן זייער „רעוואָלוציאָנעריש". ביי זיי אין שטוב האָט מען אַ סך וויין געטרונקען און מען האָט דאָרט נישט שלעכט פֿאַרבראַכט די נעכט... נאָר צו וואָס ריידן רכילות? זיי האָבן געבראַכט דער אָרגאַניזאַציע אַ סך נוצן. מענטשן פֿאַריאָגטע פֿלעגן זיך דאָרט באַהאַלטן, זיך אויסשלאָפֿן און נישט שלעכט אָפּעסן... זיי האָבן אַ סך צוגעהאָלפֿן, זיי פֿלעגן געבן געלט, ווען מען האָט עס געדאַרפֿט נויטיק, זיי פֿלעגן אָרגאַניזירן פֿאַרוויילונגען צום נוצן פֿון דער אָרגאַניזאַציע.

נאָר נח׳קען זענען זיי נישט געפֿעלן געוואָרן. נח׳קע פֿלעגט אַהין נישט גיין.

— זיי זענען צופֿיל בורזשואַזיש.

— און צופֿיל אויסגעלאַסן.

— זיי... זיי...

ער פֿלעגט נישט דערערעדן, און איצט, ווען איך האָב פֿאָרגעלייגט אַרויפֿצוגיין צו די העלערס, האָט ער דערלאַנגט אויף מיר אַ טויט־קוק און האָט זיך ווייטער געטראָגן די פֿלייצקעלע זיינע, אין וועלכער דער קאָפּ האָט זיך נאָך מער אַראָפּגעלאָזן, איינגעזונקען...

—עס איז דאָך קיין ברירה נישטאָ, נח׳קע! איך בין שוין פאַר־גליוועריט פון קעלט.

נאָך טארקוועמאדא דער אינקוויזיטאָר, די מאַלפּע, די זעכציק בראָדאַוועס, נח׳קע מיין חבר, נח׳קע האָט געשוויגן און איז זיך ווייטער געגאַנגען—איך נאָך אים...

אין דער רגע בין איך אים שוין געוואָרן אַן אמתער שונא. איך בין געווען אויפגערעגט און איך האָב געהאַט גערעכטע פּרעטענזיעס צו מיין חבר־דיקטאַטאָר:

—וואָס וועט האָבן פון מיר די אָרגאַניזאַציע, ווען איך וועל בלייבן מיט אָפּגעפרעגע פיס, אָדער איך וועל זיך פאַרקילן און גאָר אַוועקשטאַרבן פון אַזאַ נאַכט...

און אַ גאַס נאָך אַ גאַס, אַ געסל נאָך אַ געסל—מיר זענען צוגע־קומען צו אַן אַלטן בית־מדרש. נח׳קע איז אַריין אינעווייניק, איך—נאָך אים...

עפּעס אַ לעמפּל האָט קוים געברענט, עטלעכע בטלנים זענען געלעגן איבער די גמרות און געשמאַק געדרימלט.

ריח פון אַלטן פאַרמעט און שמעק־טאַבאַק האָט מיר דער־לאַנגט אַ קלאַפּ אין נאָז און איך האָב זיך דערפילט אין אַן אַנדער וועלט, אין אַ לאַנג־פאַרגעסענער קאַטאַקאָמבע בין איך אַריין. איך האָב גענומען רייבן אַ האַנט אָן אַ האַנט, קלאַפּן אַ פוס אָן אַ פוס... אָי, בין איך געווען פאַרגליווערט. נח׳קע האָט אַרומגעשפּרייזט צווישן די סטענדערס, לאַנג אַרומגעשפּרייזט, דערנאָך האָט ער אַרויסגעשלעפּט פון אונטער אַ שלאָפעדיקן בטלן אַ גמרא און זיך אַוועקגעזעצט בלע־טערן דעם ספר.

אפשר אַ שעה האָט עס געדויערט.

שפּעטער איז ער צו מיר צוגעקומען—איך האָב זיך שוין גע־האַט אויסגעצויגן אויף דער האַרטער באַנק.

—איר קאָנט לערנען, חבר נח׳קע?

ער האָט מיר אויף דער פראַגע נישט געענטפערט, נאָר אָנשטאָט דעם האָט ער געזאָגט צו מיר עטלעכע ווערטער:

—אין תלמוד זענען דאָ גאַנץ פיינע בלימעלעך, נאָר אַ סך גראָז, אַ סך גראָז און גראָז, איז פאַר בהמות.

אַרויסגעזאָגט די עטלעכע ווערטער און זיך אויסגעצויגן אויף אַ צווייטער באַנק און איינגעשלאָפן גיכער, ווי איך האָב עפּעס אַ קלער געטאָן אים צו ענטפערן...

און איך האָב זיך געקוקט אויף די פּרימיטיווע פאַרמאָלטע ווענט, אויף דעם ארון־קודש מיט די לייבעלעך און עס האָט זיך מיר גע־נומען חלומען מיין גרויער זיידע מיט זיין גרויסן טלית, אונטער וועלכן איך באַהאַלט זיך, איך בין צוריק געוואָרן אַ קליין יונגעלע, איצטער געדיינק איך שוין, מיט וועמען איך האָב דעמאָלט אין ניס געשפּילט אין חלום.

ווען איך האָב מיך אויפגעכאַפּט, איז שוין געווען אַ מנין מענטשן, מען האָט שוין געדאַוונט...

און נח׳קע איז שוין נישט געווען, אַזוי ווי אין אַן אָפּגרונט, פלעגט ער ערגעץ פאַרשוואונדן ווערן און קיינער פלעגט קיינמאָל נישט וויסן, וואו ער ווערט פאַרשוואונדן...

שפּעטער האָב איך זיך דערוואוסט וועגן זיינס ״נעסט, וואו ער פלעגט געוויס לאַנג אָפּליגן: אויפן אַלטן בית־עולם איז געווען אַן אוהל און אין דעם אוהל איז פאַרבאָרגן געווען אַ קליינע האַנט־דרוי־קעריי, וועלכע האָט געדרוקט אונזערע פּראָקלאַמאַציעס.

אָבער אַזוי געהיים איז דאָס געווען באַהאַלטן, אַזוי קונציק פאַרשלייערט, אַז אַפילו די מיטגלידער פון קאָמיטעט האָבן וועגן דעם גאָרנישט געוואוסט און נח׳קע דער קאָנספּיראַטאָר האָט עס אַפילו פאַר מיר נישט פאַרטרויט.

מיר האָבן זייער פיל געאַרבעט אין יענע טעג, נאָר אין די פרייע שעהען פלעגן מיר זיך גאַנץ אָפּט אָפּטיילן פון אַלעמען און אַוועקגיין אויפן שאָסיי, ערגעץ ווייט נאָכן וואָקזאַל, איבער די רעלסן. מיר פלעגן גיין שווייגנדיק. נח׳קע האָט געטראַכט זיינס און איך האָב אים נישט געוואָלט שטערן.

ווער ווייס... וואָס נח׳קע קאָן טראַכטן

און מאָדנע... ער איז געווען יינגער פאַר מיר און דרך־ארץ האָב איך געהאַט פאַר אים, ווי פאַר אַן עלטערן, איך פלעג דער ערשטער נישט נעמען ריידן און נח׳קע פלעגט גאַנץ אָפּט פאַרגעסן, אַז ער איז נישט אַליין...

אין אַ סך זאַכן האָב איך אים געוואָלט נאָכטאָן...

אָט אַזוי פאַרלייגן איין ליפּ אויף דער צווייטער און איין זיך פאַרטיפן די אויגן, נישט ריידן, אָנקוקן דעם צווייטן מיט אַ געהיי־מען פּנים.

טראָגן אין זיך ווער ווייס, וועלכע סודות.

נאָר מיין פּנים איז געווען מער באַוועגלעך פאַר נח׳קעס, קיין בראָדאַווקעס האָב איך נישט געהאַט און נישט געוואוסט האָב איך אַזעלכע סודות, ווי נח׳קע...

דערפאַר, אַז איך פלעג זיך אַמאָל צעפּלאַפּלען וועגן „אַנדערע זאַכן", נישט וועגן אונזער אָרגאַניזאַציע און נישט וועגן דער פראַנ־צויזישער רעוואָלוציע, דאַן פלעגט נח׳קע אויף מיר אַ קוק טאָן, ווי דער רבי אויף אַ חדר־יונגל און מיט איין קוק פלעגט ער מיר צו־מאַכן ס׳מויל...

„איך בין נאָך אַלץ אַ יינגל, איך קאָן נאָך אַלץ נישט ווערן קיין ערנסטער מענטש".

כאָטש אין דער אמתן האָט נח׳קע פון מיר געהאַלטן. נישט אומזיסט איז ער מיט מיר אַרומגעגאַנגען מער, ווי מיט אַנדערע חברים...

איך האָב געפילט, אַז אויך אים ציט צו מיר, און דאָס האָט מיך געפרייט ביז שטאָלץ צו זיין...

און מיין שטאָט האָט זיך געלעבט מיט איר לעבן. פאַבריקן פלעגן פייפן באַגינען, וועב־שטולן האָבן געקלונגען...

מיטאמאָל פלעגט דאָס אַלץ אויפהערן, פון ערגעץ, פון אונטער דער ערד איז אַרויס אַ באַפעל׳:

—שטרייקן!

דאַן פלעגט די שטאָט באַקומען אַ יום־טוב־דראָהענדיקן אויסזען, דער רויך פלעגט מער נישט פאַרדעקן דעם הימל, די בירזשע פלעגט פול ווערן מיט מענטשן און אויף די גאַסן גייען אַרום פּאָליציי־פּאַטרולן און קאָזאַקן רייטן אויף פערד...

מיר האָבן אַליין מורא געהאַט, דער שונא איז נאָך שטאַרק גע־ווען, נאָר פאַר אונז האָט מען אויך מורא געהאַט און אויף דער סוי־

ראַזשער גאַס, דאָרט אַרום דעם אַלטן בית-עולם, פלעגט זעלטן ווען די פּאָליציי צוקומען...

אויף די שמאָלע געסלעך, ביי די געבויגענע הייזלעך, וואו די אָרעמקייט האָט געלעבט, דאָרטן פלעגן מיר זיך צענויפקומען און געטראַכט האָבן מיר פון נקמה, פון זיג און אַז די פיס פלעגן מיד ווערן פון שטיין, איז דער בית-עולם אַזוי נאָענט, דער אַלטער בית-עולם מיט די מצבה-בייגקעלעך...

III

# „דאָס מיידל“.

אין דער אָרגאַניזאַציע זענען דאַן געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן דירעקט נישט געאַרבעט, זיי זענען קיין רעדנערס נישט געווען, קיין אָרגאַניזאַטאָרן אויך נישט. ווייט פון אַקטיווע אַרבעט, האָבן זיי דאָך געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף דאָס אַרומיקע, אויף יעדערן און אויף אַלעמען, ווער עס איז נאָענט צו זיי צוגעגאַנגען.

אָט צו דער קאַטעגאָריע האָט אויך אָנגעהערט די „מומע באַשע“.

קיינער האָט נישט געוואוסט, ווער עס האָט זי געקרוינט מיט אַזאַ נישט צוגעפּאַסטן, אומגעלומפּערטן נאָמען, קיינער האָט עס נישט געוואוסט, נאָר אַלע האָבן זי אַזוי גערופן.

זי איז געווען אַן איידעלע יונגע פרוי, כמעט אַ דורכזיכטיקע, מיט זעלטענע שיינע הענט, וועלכע האָבן דערמאָנט די הענט פון מאַדאָנע־בילדער. פון יעדער באַוועגונג, פון יעדן וואָרט אירן האָט מען געזען, אַז זי איז געקומען צו אונז פון אַן אַנדער וועלט מיט אַנדערע זיטן און באַגריפן.

דערציילט האָט מען, אַז זי איז אַוועק פון אירע עלטערן ערגעץ פון רוסישן דרום, זי איז אַוועק צוליב אַ פערזענלעכער טראַגעדיע און געקומען איז זי צו אונז נאָך מיטן ריח פון רייכע פערפומען, מיט טייערע קליידער און צירונג. אַלץ, וואָס זי האָט פאַרמאָגט, האָט זי אָפּגעגעבן דער אָרגאַניזאַציע און אַליין האָט זי זיך אויסגעלערנט אַ גאַנץ איינפאַכן פאַך: געוואָרן אַן אַקושערין און פּראַקטיצירט אין די אָרעמסטע קוואַרטאַלן פון מיין שטאָט.

וועגן איר גוטסקייט האָבן אַלע גערעדט. עפּעס איז געווען אין איר אַרבעט אַ הייליקייט, אַן אונטערטעניקייט. קיינמאָל זיך נישט באַקלאָגט, וועגן זיך אַליין האָט זי אַ וואָרט נישט גערעדט.

געוואוינט האָט זי ביי אַ קרעמערקע אין אַ קליין צימערל, נאָר אַ

מאָדנע אייגנשאַפט האָט איר קליין צימערל געהאַט—וואָס מער מענטשן ס׳פלעגן דאָרט קומען, אַלץ מער פּלאַץ איז געווען. מען פלעגט דאָרט זיצן אויף באַשעס בעט, אויפן טיש, אויף דער פּאָדלאָגע און די טיר פלעגט זיך כסדר עפענען—אַלץ נייע חברים קומען צו.

נאָך אַ חבר און אַ צווייטער מיט אַן אויפגעשטעלטן קאָלנער גנבעט זיך אַריין צו באַשען און געפינט פאַר זיך אַ ווינקל.

ניין, אייננ איז ביי דער „מומע באַשע" קיינמאָל נישט געווען און דעם געדיכטן רויך פון די פּאַפּיראָסן האָט קיינער נישט געפילט... וואו רויך? דאָ פלעגן אַוועקגיין אַזעלכע דיסקוסיעס, אַזעלכע פילאָזאָפיעס, אַז מענטשן פלעגן פּראָסט פאַרגעסן וועגן עסן, וועגן שלאָפן און לופט...

באַשע פלעגט נישט אַלעמאָל זיין מיט אונז אין איר חדרל. זי איז דאָרט ערגעץ אַרומגעקראָכן אין די קרומע געסלעך צו די אָרעמע פרויען און קומען פלעגט זי אַ מידע, נאָר אַ פריילעכע.

—חברה, וואָס זיצט איר דאָ? איך [illegible] איז אַ שרפה, אויף די פּיאַסקעס ברענט.

—עס ברענט?

אַלע ווערן עפּעס מיט אַמאָל יונגער. פייער רייצט און ציט צו זיך, לאָזן מיר זיך אַלע אַוועק אויף די פּיאַסקעס. פון וויטן זעט אויס, אַז די גאַנצע שטאָט איז אונטערגעצונדן, נאָר דאָס ברענט איינגאַנצן אַן אָרעם הייזל, וועלכע קיינער האָט איצט נישט באַמערקט.

דער דלות ברענט...

און דאָס פייער באַצירט און באַקרוינט. די פייערלעשער זעען אויס ווי יום־טובדיקע זעלנער. דער עולם שטייט און גלאָצט מיט די אויגן, פונקט ווי מען וואָלט געבראַכט אַ הייליקן קרבן.

די שרפות אין מיין שטאָט! כמעט יעדע נאַכט האָט געברענט, דאָס זענען געווען אָפּגערעטע שרפות. בייטאָג האָט מען שוין אין די נאָנטע הייזער געוואוסט, אַז ביי דעם אָדער יענעם בעל־הבית באַדאַרף היינט ברענען.

מען האָט אַלץ אַרויסגעטראָגן פון די שטיבער, די הילצערנע טירן צוגענומען, די פענסטער, די קאַכעל פון די אויוונס אַרויסגעטראָגן, די הילצערנע שטיגן פונאַנדערגענומען..

כּדי דאָס פייער זאָל ווייניקער צונעמען...

און געווען איז דאָס אַן אָפּגעריטענע זאַך מיט דעם אַגענט פון דער פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפט, מיט פּאָליציי — אַלע האָבן געלט גע־נומען...

דאָס איז דאַן געווען איינע פון די פּרנסות אין שטאָט: ברע־נען הייזער

מיר האָבן געוואוסט פון דעם, נאָר בעת דאָס פייער האָט גע־פלאַקערט, פלעגט עס שטאַרק רייצן און אַלע פלעגן פאַרגעסן, אַז דאָס איז אונטערגעצונדן.

פון דער שׂרפה קומען מיר צוריק צו באַשען. זי וואַרט אויף אונז, זי האָט געוואוסט, אַז מיר וועלן קומען

זיצן מיר און מיר ריידן אַרום די שׂרפה.

— חברה! ווער וויל טיי? פאַלט באַשע אַריין אין די רייד.

און זי לויפט שוין צו דער בעל־הביתטעס פליטע וואַרעמען טיי פאַר אונז און קומט באַלד צוריק מיט הייסע גלעזער טיי, מיט געבעקס.

זי האָט פאַר אַלעמען געזאָרגט, און מיר פלעגן נישט אַלע מאָל באַמערקן, אַז זי אַליין בלייבט הונגעריק.

די נאַכט ציט זיך אין דיסקוסיעס. עס גייען אַוועק זכרונות, איבערלעבונגען. מיר האָבן פאַרגעסן, וואָס עס הייסט מידקייט, נאָר די מומע באַשע איז אָפּגעשוואַכט פון שווערן טאָג און זי וויגט זיך ווי אַ שכורע. דאָך סטאַרעט זי זיך נישט אַרויסצעווייזן פאַר אונז איר מידקייט. זי באַלויכט מיט איר פריינטלעכן בליק דעם גאַנצן אָוונט.

צפּעטער נעמט זי לאַנגזאַם אָפּשפּילען אירע קליידער און צו אונז קאָמאַנדעוועט זי:

— חברה!

שטעלן מיר אָן די אויגן.

— קוקט אויף דער וואַנט!

דרייען מיר זיך אַלע אויס צו דער וואַנט און מיר וואַרטן, מיר וואַרטן...

די גוטע באַשע טוט זיך אויס, זי לייגט זיך שוין, טאַנצט

אַריין אין בעט, די פּרוזשינעס דערלאַנגען אַ קרעכץ און מיר רייסן זיך אָפּ פון דער וואַנט:
זאָל מען מיך נישט וועקן, איך מוז זיך היינט אויסרוען—איך וועל היינטיקע נאַכט צו קיינעם נישט גיין...
אַזוי זאָגט זי פאַרן שלאָף, די פאַרמאַטערטע, די איבערגעאַר־בעטע באַשע און שלאָפט גיך איין.
מיר טומלען און ריידן, מיר שרייען, מיר רוילערן און דיסקו־טירן—יענע אָבער שלאָפט און עס גייט איר גאָרנישט אָן...
וואו... מיר זענען ווייט אַוועק, מיר זענען איבער דער גאַנצער וועלט אַוועקגעפלויגן: צייטן, עפּאָכן, אַלע וועלט־געשעענישן, אַלע טיראַנען און שקלאַפן האָבן מיר אַהערגעבראַכט אין באַשעס צימערל און מיר משפטן, מיר ברייננען גערעכטיקייט... מיר...
פּלוצלונג קלאַפּט מען אין טיר.
אַ יידל איז געקומען רופן די אַקושערין.
פריער פאַר אַלעמען דערהערט זי דעם קלאַפּ אין טיר און קרעכצנדיק נעמט זי זיך אָנטאָן און גייט אַוועק מיטן יידל...
אין דער פינסטערער נאַכט, ערגעץ אין אַ קעלער איז אַ נייער פּראָלעטאַריער געבוירן געוואָרן.
מיר אָבער בלייבן דאָרט ביז פאַר־טאָג. אַנדערע שלאָפן דאָ אין באַשעס צימערל.
טרעפט זיך דערנאָך, אַז אַ לייגנערע צייט באַווייז איך זיך נישט ביי באַשען, האָט זי מיך איינמאָל פאַרנאַכט געטראָפן אויף דער ביר־זשע און אָפּגערופן אין דער זייט: זי באַדאַרף מיר עפּעס זאָגן.
אויף דער בירזשע איז אַלץ געווען אַ סוד... אַלץ קאָנספּיראַטיוו.
הער איך אויס, וואָס זי זאָגט מיר:
—פאַרוואָס קומט איר נישט צו מיר, אַלע קומען...
פאַרענטפער איך זיך:
—קיין צייט נישט געווען...
—אָבער אָפּרוען זיך מעגט איר דאָך אַרייננקומען, ביי מיר רוט מען זיך אָפּ.
—גוט, אודאי וועל איך קומען.
—קומט, חברה ווילט זיך יעדע נאַכט, מען עסט אַפּעלסינען, פון

דער שווייץ איז נייע ליטעראַטור אָנגעקומען און נאָך נסים האָט זי מיר אָנדערציילט.

דערנאָך האָט זי מיר צוגעגעבן, אַז די לעצטע צייט קומט אַריין צו איר אַבראַמזאָנס טאָכטער, דעם רייכן פאַבריקאַנטס בת־יחידה, דאָס שענסטע מיידל פון מיין שטאָט, זי וויל צושטיין צו אונזער אָרגאַניזאַציע.

—קומט,—האָט באַשע מיר געעצהט, יענע האָט זיך שוין עטלעכע מאָל געפרעגט אויף אייך.

—אויף מיר? זי קאָן מיך?

אומבאַוואוסטערהייט האָט מיר עפעס אַ צופּ געטאָן ביים האַרצן, איך האָב באַשען צוגעזאָגט, אין זעלבן אָוונט אַריינצוגיין.

ווען איך בין אין אָוונט אַהינגעקומען, איז שוין דאָרט געווען דאָס גאַנצע געזעמל.

מען איז געווען פאַרנומען מיט אַ יונגן וואוילן בחורל... שאול בערנשטיין האָט ער געהייסן.

דאָס איז געווען זייער אַ פלינקער און באַגאַבטער פּראַקטיקער. מיט אים האָט מען געקאָנט אַלע שליחות באַזאָרגן. איצט האָבן אַלע געטאַנצט אַרום אים: מען האָט אים אָנגעטאָן אַ סטודענטישע קורטקע און אַ סטודענטיש היטל, מען האָט אים פאַרגלעט די האָר און אָפּגעפוצט, מיטגעגעבן אַ קאָלדרע מיט אַ קישעלע, אין קישעלע זענען געלעגן זייער וויכטיקע פּאַפּירן, וועלכע ער האָט געדאַרפט אַוועקפירן קיין ווילנע. ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט אַלעם, האָט ער זיך צעקושט מיט אַלעמען און לאַכנדיק, שפּרינגענדיק, איז דער ניי־געבוירענער סטודענט אַוועק צום וואָקזאַל.

ערשט איצט האָב איך אַלעמען גענויער באַטראַכט: אַנטקעגן מיר, אויף באַשעס בעט, איז געזעסן אַ יונג מיידל פון אַ יאָר אַכצען מיט אַ קאָפּ בלאָנדע האָר, מיט אַזעלכע לאַכעדיקע אויגן...

אַלע האָבן גערעט און געטומלט, אַלע זענען געווען ערנסט און זי, דעם אַבראַמזאָנס טאָכטער... עס דוכט זיך, אַז זי וויל אַלעמען איבערלאַכן מיט אירע יונגע אויגן...

לעם איר איז געזעסן באַשע און זיך געשפּילט מיט אירע הענט, ביידע פרויען האָבן אויסגעזען שיין און ביידע האָבן געוואָרפן ליכט

אין דעם אייגנן חדר...

און דאַכט זיך, אַז אַלע זענען געווען פאַרנומען אין אַ טיפן געשפרעך, דאָך זענען אַלץ מער בליקן געפאַלן אויף ביידע פרויען און, נישט ווילנדיק, האָבן יענע געווירקט אויף אַלעמען—עס האָט זיך גאָר אַנדערש גערעט...

איינער דעם צווייטן האָט געוואָלט איבערשטייגן אין געשפרעך, טיפסטע אַרגומענטן האָט מען געבראַכט. יעדערער פון דער חברה האָט געוואָלט אַרויסקומען דער גערעכטער, דער זיגער...

און דערווייל זענען געפלויגן בליקן צו די פרויען...

—און איר? וואָס שווייגט איר?

ביידע פרויען האָבן זיך געווענדעט צו מיר מיט דער פראַגע.

—איך?

די מומע באַשע איז געלאָפן דערווייל צוגרייטן טיי און איך בין געבליבן אַנטקעגן דער אַבראַמזאָנס טאָכטער, וועלכע האָט אָנגעשטעלט אויף מיר אַ גרויסע פּאָר אויגן און געוואַרט אַן ענטפער פון מיר.

אַזוי ווי צוויי פייערן, האָבן זיך אירע אויגן אָנגעשטעלט אויף מיר און געברענט, געברענט...

דאָרטן אַרום אונז זענען אונזערע חברים פאַרקראָכן אין אַ דיסקוסיע, געוואָרפן ווערטער ווי שפּיזן, האַלב געזידלט זיך און אַטאַקירט איינער דעם צווייטן...

די חברים האָבן אויפגעהערט צו קוקן אין דעם ווינקל, וואו די אַבראַמזאָן איז געזעסן... נאָר איך בין ווי צעטומלט געוואָרן... אַ מיידל האָט גענומען שפּילן מיט אירע אויגן און מיך צוגעשמיסט צום אָרט.

און מיטאַמאָל דערהער איך אַזאַ פראַגע:

—איר ווייסט צוליב וועמען איך בין אַהער געקומען?

—צוליב וועמען? פרעג איך און איך ענטפער אַליין:

—צוליב דעם, וואָס מיר אַלע קומען דאָ, צוליב דער פּאַרטיי, צוליב דער אַרבעט.

לאַכט זי זיך פונאַנדער:

—יאָ, צוליב דער אַרבעט, נאָר אויך אַ ביסעלע צוליב אייך...

איך האָב זיך דערשראָקן, זי האָט צופיל קאָקעטירט און איך האָב נישט געוואָלט, אַז מיינע ערנסטע חברים זאָלן דאָס באַמערקן, זי וואָלט ביי זיי אין די אויגן אַ סך פאַרלאָרן און איך אפשר אויך... ווייל איך האָב איר קאָקעטירן צוגענומען צו לייכט... און געענטפערט אויף אַלץ מיט לייכטזיניקן שפּאַס.

אין דעם איז באַשע צוריקגעקומען מיטן טיי, אין צימערל האָט אַלץ אָפּגעלעבט, מען האָט גענומען עסן און טרינקען...

קיין סך געדיינק איך נישט פון יענעם אָוונט, נאָר איך וואָלט היינט פאַר אַזאַ געמיטלעכקייט אַ סך אָפּגעגעבן...

און די מומע באַשע האָט געקליבן נחת פון אונזביידן. ווילנ־דיק, צי נישט ווילנדיק, איז זי געוואָרן אונזער שדכנ׳טע...

—איר, חבר, וועט גיין באַגלייטן אונזער לינע—אַזוי האָט זי גע־הייסן די אַבראַמזאָן.

דאָס האָט זיך באַשע צו מיר געווענדעט און איך האָב די שליחות אָנגענומען מיט האַרץ־קלאַפּעניש.

די איבעריקע חברים האָבן אויף מיר אַ קוק געטאָן מיט אַ לייכ־טער בייגעריקייט. נאָר איין נח׳קע האָט זיך אויפגעהויבן, איז צוגעגאַנגען צו מיר און אַריינגעזאָגט אַ סוד:

—חבר, מאָרגן דאַכט זיך, וועט מען באַדאַרפן צו פאָרן אין אַ שטעטל, נישט ווייט, מען באַדאַרף עפּעס ערלעדיקן דאָרט...

—גוט,—האָב איך, בייז־איינגעהאַלטן, געענטפערט.

און אין האַרצן האָב איך אין דער רגע דערפילט, אַז אין אונ־זער פריינטשאַפט האָט געפּלאַצט די שטאַרקסטע סטרונע. איך האָב זיך האַסטיק מיט אַלעמען אָפּגעזעגנט און אַרויסגעגאַנגען מיט לינען...

אויפן גאַס האָט זי אויסגעזען באַשיידענער, אירע וואָלקנס האָר האָבן זיך באַהאַלטן אונטער איר הוט און די גרויסע אויגן האָבן וויי־ניקער געשמייכלט.

עס איז געווען אַ הערבסט־נאַכט. צעריסענע שטיקער וואָלקנס זענען געקראָכן אויף דער ליכטיקער לבנה, ווי גרויסע בערן האָבן זיי איר אַרומגענומען און אָפּגעלאָזן... אונטער די פיס האָבן זיך גע־וואַלגערט טויטע בלעטער, ווי געחלשטע זשאַבעס, האָבן זיי זיך גע־קלעפּט צו די שיך, ערגעץ וואו האָט אַ לאָדן האָפנונגסלאָז געקלאַפּט,

נאָר מיר איז געווען אַזוי היימלעך אויף דער נשמה...

זי האָט מיר דערציילט, אַז זי האָט פון מיר אַ סך געהערט, ביי זיי אין שטוב רעדט מען אָפט, אַז איך בין דער גאַנצער פירער פון דער אָרגאַניזאַציע.

האָב איך זיך פונאַנדערגעלאַכט:

—איך? דער גאַנצער פירער? און וואָס זאָל מען שוין זאָגן אויף נח'קען...

—וועלכער האָט די בראָדעווקעס, איך האָב מורא געהאַט זיך צו צוקוקן אויף אים... ?

און זי האָט גענומען לאַכן פון נח'קען... אָפּלאַכן פון זיין אויס־זען. איך האָב געפילט, אַז דאָס באַליידיקט מיך, נאָר איך האָב נישט געהאַט קיין מוט זי אָפּצושטעלן, האָט זי זיך אויסגעלאַכט און אויפ־געהערט און גענומען דערציילן אַ מעשה פון אַ גימנאַזיע־לערער...

פלוצלונג רייסט זי איבער איר דערציילונג, זי דערלאַנגט מיר ביידע הענט און וואַרפט אַריין אין דער נאַכט: „אַ גוטע נאַכט"...

איך באַוויז נישט צו ענטפערן—איז זי שוין נישטאָ. אַנטלאָפן אַהיים.

איך בין געבליבן שטיין אַ גליקלעך־צעטומלטער...

„ביידע הענט האָט זי מיר דערלאַנגט". אַ גוטער סימן.

דערנאָך בין איך ווידער אַוועק צו באַשען.

—ווי געפעלט אייך די לינע? האָט מיך באַשע געפרעגט...

—זי לאַכט אַזויפיל...

—אָ, זי איז זייער אַ לעבעדיקע, ביי אונז זענען אַלע צו ערנסט, דעריבער קלינגט איר לאַכן נאָך שטאַרקער.

באַשע איז שוין געלעגן אין בעט, נאָר עפּעס האָט זיך איר נישט געשלאָפן אין דער דאָזיקער נאַכט. מיר האָבן לאַנג גערעדט אין יענעם אָוונט.

און מערקווירדיק!

קיין וואָרט האָבן מיר נישט דערמאָנט וועגן פּאַרטיי־אַרבעט, וועגן סאָציאַליזם.

מיר האָבן גערעדט וועגן מאַן און פרוי, וועגן פּלאָנטער פון ליבע און פליכט.

נאָר אומגעריכטערהייט זענען מיר דערגאַנגען, אַז עס איז נאָך

פאַראַן אַ גאַנצער ים פון איבערלעבענישן און געפילן, דינע ווי שפינ־וועבט און זייד, שטאַרקע, ווי אייזן, שטאַרקע, שטעכעדיקע און ווייכע געפילן...

און געדאַכט האָט זיך מיר דעמאָלט, אַז באַשע וויל עפּעס דער־ציילן פון איר לעבן... אָט־אָט, באַלד וועט זי אויסזאָגן אַ וויכטיקן סוד פון אירע טעג... נאָר באַשע האָט מיטאַמאָל צוגעמאַכט די ליפּן, האָט זיך פאַרטיפט אין אייגענע געדאַנקען און איז דערנאָך איינ־געשלאָפן.

איך בין נאָך לאַנג געזעסן לעם איר געלעגער, געוואָלט האָב איך, זי זאָל זיך אויפכאַפּן, געוואָלט האָב איך דעמאָלט אַ סך רעדן מיט איר...

וועגן ליבען.

יעדע קלייניקייט פון איר לעבן האָט מיך שטאַרק געגומען אינ־טערעסירן, און דערציילן עפּעס קאָן באַשע, נאָר יענע איז זיך רויק געשלאָפן...

נאָר אַוועקגיין איז שוין געווען צו שפּעט, האָב איך אויפן טיש געפונען אַ ביכל און אַמאָל האָב איך אָנגעהויבן לייענען און אויפ־געהערט...

די ערשטע פראַזע פון יענעם ביכל איז ביי מיר ביז היינט געבליבן אין זכרון...

די היינטיקע אָרדנונג אויף דער ערד איז זייער נישט קיין גערעכטע".

וויל איך לייענען ווייטער, שטעלן זיך אָן אויף מיר לינעס פאַר אויגן און זי לאַכט אין מיר אַריין, אין מיין גאַנצער נשמה...

פאַרמאַך איך אויף אַ רגע מיינע אויגן און, ווען איך עפן זיי, הייב איך ווידער אָן:

„די היינטיקע אָרדנונג אויף דער ערד איז זייער..."

נאָר פון די שורות טיילן זיך אָפּ צוויי קליינע זונעלעך, צוויי לאַכעדיקע פינטעלעך און איך פאַרליר ווידער דעם פאָדעם פון מיינע געדאַנקען...

ביז איך האָב צוגעמאַכט דאָס ביכל...

עס זענען זיך ווייטער געגאַנגען מיט זייערע אָנגעצייכנטע וועגן

נאָר אָפּט פלעגט זיך אַריינכאַפּן אַן אַנדער שטראַל... אַ באַגעגעניש מיט לינען...

די חברים מיינע האָבן איר אַ נאָמען געגעבן „דאָס מיידל".

און דאָס באַגעגנען מיט לינע אַבראַמזאָן האָט מיר געבראַכט צו פיל אינערלעכע און אויסערליכע קאָנפליקטן: איך האָב אַ סך מאָל נישט געוואוסט, וועמען פריער אָפּצוגעבן מיין צייט. פון איין זייט האָבן די קרייזלעך און די שטרייקן געפאָדערט אַלץ מער מענטשען, מער ענערגיע און פלייסיקייט; פון דער צווייטער זייט—האָט געצויגן די שטענדיקע פריילעכע לינע מיט אירע גרויסע זון אויגן, מיט אירע בלאָנדע האָר...

זיצנדיק אַ גאַנצן אָוונט ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן ווינקל אונטער דער שטאָט, אין אַ חושך'דיקן חדר צווישן די חברים פון מיין אָרגאַניזאַציע, האָב איך זיך געסטאַרעט נישט צו טראַכטן פון לינען, און אירע אויגן פלעגן, ווי אויף צו להכעיס, אַריינקוקן אין דער נשמה און מיך צעטומלען. נישט איינמאָל פלעג איך דערהערן פון דעם אָדער יענעם חבר:

—וואָס חלומסטו?

—ווער, איך?

—ניין, די באָבע!

איך האָב זיך אַליין פאַר זיך געשעמט: פאַסט עס דען פאַר אַ „חבר" זיך צו פערליבן, נאָכלויפן אַ מיידל, פטר'ן די צייט? שווערע געדאַנקען האָבן זיך אין מיר געראַנגלט.

און פאַרקערט:

פאַרברענגענדיק מיט לינען, האָט מיך דאַן געפייניקט דער געדאַנק וועגן דער אַרבעט: ווי אַזוי איז דאָרט פאָרגעקומען אַ זיצונג אָן מיר? וועלכע בעשלוסן האָט מען אָנגענומען?

און אין דער אָרגאַניזאַציע האָט מען טאַקי אַלץ מער פּאַראיבל געהאַט אויף מיר:

—וואו געווען?

—ביים מיידל, האַ?

מען פלעגט עס גוטמוטיק זאָגן, אָבער אונטער דעם שפּאַס האָט זיך געפילט אַ פאַרבאָרגענער פאָרוואורף.

—דאָס מיידל פאַרדרייט דיר דעם קאָפּ...

—דאָס מיידל, דאָס מיידל...

איך האָב זיך טאַקי געפילט שולדיק געגן אַלעמען, שרעקלעך שולדיק האָב איך זיך געפילט.

און „דאָס מיידל" אַליין האָט אויך געהאַט ביי זיך אין דער היים גרויסע צרות. איבערהויפּט פון דער מוטער, וועלכע איז אין אַלגעמיין געווען נישט קיין גאַנץ איידעלער מענטש. אַ טאָכטער פון אַן אויפגעקומענעם עושר, האָט זי ליבען פּראָסט פאַרפייניקט צוליב מיר דאָס לעבן. שעה נאָך שעה פלעגט זי איר פויקן אין קאָפּ:

—זי זאָל שוין אַוועקוואַרפן די בעקער־יינגען.

און אַז קיין געוויינלעכע רייד פלעגן נישט העלפן, פלעגט די אַלטע זיך וואַרפן אויף דר'ערד, רייסן זיך די האָר פון קאָפּ. אויף ליבען פלעגן אַזעלכע טרויעריקע סצענעס מאַכן אַ שוידערלעכן איינדרוק, זי פלעגט מיך אויפזוכן און אַלץ דערציילן, זי האָט געזוכט שוץ ביי מיר.

און באַשע פלעגט זיך שטאַרק אינטערעסירן מיט אונזביידן. געגעבן עצות און געליטן צוגלייך מיט אונז.

זי האָט זיך געסטאַרעט, אַז מיר זאָל זיך מער באַגעגנען, פלעגט אונז אָפּגעבן דאָס צימערל און אַליין ערגיץ פאַרשוואונדן ווערן.

אייגנטלעך האָבן מיר נאָך קיינמאָל נישט גערעדט וועגן זיך, וועגן אונזערע באַציהונגען, וועגן מאָרגן...

עס איז געווען געווען אַ קוק, אַ שמייכל, אַ שטאַרקערן דריק די האַנט און דער פאַרבאַנד אונזערער האָט זיך פעסט געהאַלטן. נאָר דאָס לעבן האָט געפאָדערט אַן ענטפער אויף פיל פראַגן און איבערהויפּט, וואָס וועט זיין מיט ליבען? אין דער היים פאַרסמט מען איר די טעג, עס איז שוין דערגאַנגען דערצו, אַז די מוטער האָט פאַרשלאָסן אירע קליידער און שיך...

און באַשע האָט דורך געהיימע קונצן אַרויסגעקריגן בריוועלעך פון איר צו מיר. וועגן דעם, אַז אַבראַמזאָנס טאָכטער האָט זיך פאַרליבט אין אַ חברה־מאַן, האָבן שוין פיל מענטשן געוואוסט און אַ האַלבע שטאָט האָט שוין וועגן דעם גערעדט.

און געקומען בין איך צו אַ באַשלוס, וועלכן איך האָב איבער־געגעבן לינען:

—דו מוזט אַוועקגיין פון דער היים, דו מוזט אַוועק.

—און וואָס וועל איך טון? וואו וועל איך זיין?

—וועסט געבן לעקציעס, וועסט פאַרדינען פאַר זיך ווי אַלע מענטשן.

דאָס איז אָבער געווען לייכט צו זאָגן: לינע איז געווען אַן איינאיינציקע טאָכטער, אויסגעקעכלט און אויפגעהאָדעוועט אויף אַלדאָס גוטס... ווי רייסט מען עס אַזוי לייכט איבער מיט טאַטע־מאַמע? מיט דער סביבה, וועלכע האָט איר אַלע בעקוועמלעכקייטן געגעבן, מיט די אַלע ליבע ווינקעלעך פון דער אייגענער היים? ווי נעמט מען זי אַרויס פון דאַנען?

כאָטש זי אַליין איז זייער דרייסט געווען. אַנטלויפן? פאַרוואָס נישט, באַלד, אָט שוין, זי וועט שוין מער אַהיים נישט גיין... איך האָב זיך געקווייקלט און אַלץ באַרעכנט, ווי בעסער דאָס דורכצופירן.

דער געדאַנק וועגן דעם האָט געפייניקט און שטענדיק זיך גע־ענדיקט מיט דאָס זעלבע:

—דו מוזט אַוועקגיין, וועסט זיך אויסלערנען נייען, וועסט געבן לעקציעס...

דאָס איז שוין געוואָרן ביי אונז אַ באַשלוס, וועלכער מוז אינ־גיכן פאַרווירקלעכט ווערן, כאָטש מיר האָבן זיך ביידע נישט פאָרגע־שטעלט, ווי אַזוי דאָס וועט פאָרקומען.

דער דאָזיקער באַשלוס וועגן לינעס אַוועקגיין איז געוואָרן דער אַנקער פון אַלע אונזערע ספקות און איבערלעבענישן. מיר האָבן גע־זוכט און געוואַרט אויף אַ פּאַסענדן מאָמענט, איך בין אָבער צופיל פאַר־נומען און פאַרפלאָנטערט געווען אין די אַרומיקע געשעענישן. לינעס אַוועקגיין איז אַלץ אָפּגעלייגט געוואָרן.

דער ווינטער האָט זיך דערווייל אַוועקגערוקט, אויף זומער איז לינע אַוועקגעפאָרן קיין דרוסקעניק, פון צייט צו צייט פלעגט זי אַריינ־וואַרפן אַ בריוול. די מומע באַשע איז געווען זייער אָפּגעשוואַכט איז זי אַוועקגעפאָרן סוף זומער זיך אָפּרוען און ווען זי איז צוריקגעקומען, איז שוין געווען אָנפאַנג הערבסט. לינע איז אויך צוריקגעקומען. מיר

פלעגן זיך נאָך ווען עס איז אַריינכאַפּן אין גאָרטן. אויף דער זון איז נאָך געגוג וואַרעם געווען, נאָר אונטער די פיס האָבן זיך שוין געוואַלגערט בלעטער און דאָס וואַסער אין טייכל האָט געציטערט פון דעם אומרואיקן ווינטל—אין דער פרייער שעה פון דעמערונג האָט שוין געצויגן צו באַשעס צימערל, וואו יעדע זאַך און יעדער שאָטן איז געווען אַזוי נאָנט און געמיטלעך.

און אַלע זענען עפּעס אַזוי ווי באַנייט געוואָרן נאָכן זומער. באַשע האָט אויסגעזען לעבעדיקער, ליבעס קול האָט שטאַרקער געקלינגען. צו ערשט האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז זי איז מיר פרעמדער געוואָרן. זי איז צו זאָרגלאָז געווען... אפשר איז דאָס אינגאַנצן געווען אַ חלום, די דאָזיקע באַגעגעניש...

זי—אַזאַ פריילעכע!

פאַרברייגט אויף זומער־וואוינונגען...

פלירטעוועט מיט יונגעלייט.

און האָט אַזאַ רייכן טאַטן.

נאָר איך האָב אַ טעות געהאַט, וואָס אַ טאָג ווייטער, אַלץ מער האָב איך זיך איבערצייגט, אַז זי איז פאַר מיר דיזעלבע. זי זוכט מיך און באַשעס צימערל איז איר אַזוי ליב ווי פריער... און אין שטוב ביי איר האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן סקאַנדאַלן. מען האָט איר גענומען ריידן שידוכים און מען האָט געוואַרט אַן ענטפער פון איר...

זי פלעגט מיר אַלץ דערציילן און אונזער אַלטער באַשלוס וועגן ליבעס אַוועקגיין איז ווידער באַנייט געוואָרן.

איך בין דאַן שטאַרק געווען פאַרנומען מיט מיין אָרגאַניזאַציע־אַרבעט. איך האָב אַליין פאַרגעסן טאַטע און מאַמע, אַוועקגעוואָרפן דאָס לערנען און זיך אינגאַנצן אַריינגעוואָרפן אין די שטרייקן און אין די פאַרזאַמלונגען...

אָבער וועגן אונזער באַשלוס, אַז ליבע דאַרף אַוועקגיין פון דער היים, האָבן געוואוסט עטלעכע נאָענטע חברים פון דער מומע באַשעס קרייז און אַלע האָבן עס אונטערגעהאַלטן.

און איינמאָל איז אונזער פּלאַן דורכגעפירט געוואָרן אויף גאָר אַן אומגעריכטן אופן:

איך בין געזעסן אָנהויב אָוונט ביי באַשען און זיך געאיילט

אַוועקצוגיין אויף אַ פֿאַרזאַמלונג. כ׳האָב געבעטן ביי דער מומע באַשע, אַז ווען לינע וועט קומען, זאָל זי זי פֿאַרהאַלטן—איך וועל גלייך נאָך דער פֿאַרזאַמלונג צוריקקומען. אָבער באַשע האָט מיך נישט אָפּגעלאָזן און כּסדר צוגערעדט, איך זאָל נישט אַוועקגיין. זי האָט זיך געבעטן:

—בלייבט, איך באַדאַרף אייך דאָ. מיר באַדאַרפֿן אייך.

—ווער איז די „מיר״?—פֿרעג איך.

—אָט באַלד וועט איר זען, וואַרט נאָך אַ רגע.

—באַשע, וואָס איז געשען? וואָס באַדאַרף געשען

—גאָרנישט, וואַרט!

האָב איך אַ טראַכט געטון: אודאי עפּעס אַ קאָנספּיראַציע, אודאי באַדאַרף מען שווייגן, און איך האָב טאַקע געשוויגן, כאָטש איך בין געווען גוואַלדיק פֿאַראינטערעסירט...

פּלוצלונג עפֿנט זיך די טיר, און בערל דער דרוקער מיט שלמה׳קן דעם בערשטער זענען אַריינגעקומען. אין די הענט האָבן זיי געהאַלטן פּעקלעך מיט קליידער, אַ פּודעל מיט אַ דאַמען־הוט. זיי האָבן די זאַכן אַוועקגעלייגט און אַרויסגעלאָפֿן פֿון צימער.

באַשע קוקט מיך אָן און שמייכלט אַזוי מאָדנע.

איך קוק אויף באַשען און הויב נישט אָן צו פֿאַרשטיין, וואָס דאָ קומט פֿאָר...

און יענע קוקט כּסדר אויף דער טיר און איז מאָדנע יום־טובֿדיק אויפֿגעלייגט.

עפֿנט זיך ווידער די טיר און מיינע צוויי חברים קומען אַריין מיט אַ גרויסן קאָש. זיי שטעלן עס אַוועק אין מיטן צימער און ציען אָפּ דעם אָטעם. בערל דער דרוקער ווישט זיינעברילן און שלמה׳קע דער בערשטער פֿאַרדרייכערט אַ פּאַפּיראָס.

אין דעם קומט אַריין לינע און שמייכלט שווייגנדיק.

—וואָס איז געשען? וואָס קומט דאָ פֿאָר? פֿון וואַנען זענען די זאַכן?

איך וואַרף די אויגן אויף אַלעמען, איך וויל עפּעס דערגיין ביי זיי.

און איך זע נאָר איין זאַך:

באַשע קוקט אויף מיר און שמייכלט, בערל ווישט נאָך אַלץ די

ברילן און שמייכלט אויך. לינע לאַכט זיך פלוצלונג פונאַנדער אויפן קול און דער דאַרער שלמה׳קע בערשטער פאַרקוקט זיך אין אַ ווינקל און שמייכלט אויך מיט אַ דרך־ארץ צו אַלעמען.

עפּעס האָב איך שוין אָנגעהויבן צו פאַרשטיין:

—וואָס איז געשען? חברה! וואָס טוט זיך דאָ?

גייט דאַן בערל צו צו מיר, דערלאַנגט מיר די האַנט און זאָגט אַרויס:

—וואָס פאַרשטייסטו נישט? מיר האָבן דיר געבראַכט דיין מיידל, דיין מיידל האָבן מיר דיר געבראַכט.

און שלמה׳קע בערשטער רופט זיך אָן:

—מיר האָבן זי עקספּראָפּריאירט ביי די בורזשויעס.

פאַר מיר איז אַלץ קלאָר געוואָרן, אָן מיין וויסן איז דאָ פאָר־געקומען אַ גרויסע פאַרשווערונג.

ביסלעכווייז האָב איך דערגאַנגען אַלע איינצלהייטן פון דער דאָזיקער פאַרשווערונג:

באַשע מיט מיינע נאָנטסטע חברים האָבן געזען, ווי דאָ פּלאָנ־טערט זיך ביי אונז, ווי לינע ליידט אין דער היים... און איך בין דערצו אַזוי פאַרנומען, האָבן זיי אַליין באַשלאָסן, די זאַך דורכצופירן און אָט ווי אַזוי דאָס איז געשען:

פאַרנאַכט־צייט איז בערל דער דרוקער אַרויס אויף דער בירזשע און צוגעגאַנגען צו שלמה׳קע בערשטער:

—פאַראַן אַזאַ שטיקל אַרבעט דורכצופירן: מען דאַרף עקספּראָ־פּריאירן אַ מיידל, צונעמען זי פון בורזשוואַזע טאַטע־מאַמע... זי האָט אַ חתן... דו קאָנסט אים... און ער האָט אָנגערופן מיין נאָמען.

שלמה׳קע בערשטער האָט אַ רגע אָנגעקוקט בערל דעם דרוקער און ער האָט נישט אַלץ פאַרשטאַנען, נאָר פון בערל דעם דרוקער האָט ער שטאַרק געהאַלטן און אַז בערל זאָגט...

איז מען געגאַנגען און געדונגען אַ דראָזשקע.

מען איז צוגעפאָרן צו אַבראַמזאָנס הויז.

לינע האָט אין דער זעלבער צייט צוגעגרייט—באַשע האָט מיט איר שוין פון פריער אַלץ אָפּגערעדט: זי האָט פאַרפּאַקט אירע נוי־טיקע קליידער און וועש, מיטגענומען אירע ביכער און, ווען די חברים

זענען אַריינגעקומען, האָט זי אויף גיך אויף זיך אַרויפגעצויגן דאָס שאַקעטל און צו דער מאַמען אַ געשריי געטון:

—מאַמע, איך גיי אַוועק פון שטוב, איך וויל אַליין פאַר זיך פאַרדינען.

עס איז געוואָרן אַ טומל, אַ געשריי, שכנים זענען אַרויסגעלאָפן זען, וואָס דאָ קומט פאָר, גאָר ווען זיי זענען דערגאַנגען, אַז די חברהניקעס זענען פאַרמישט אין דעם ענין, האָבן זיי אַלע געשוויגן — מיט דער חברה האָט מען נישט געוואָלט אָנהויבן.

די מאַמע האָט געחלשט און אויפגעמינטערט האָט זי זיך דער־מאָלט, בעת איר טאָכטער מיט די „בעקער־יונגען" זענען שוין גע־ווען ווייט.

זי האָט געשאָלטן און געשאָלטן.

דאָס אַלץ האָט מען מיר איצט דערציילט ביי באַשען אין הדרל.

איך האָב זיך אַרומגעקוקט: לינע האָט געוואַרט, זי האָט גע־וואָלט וויסן, צי מיר געפעלט די גאַנצע געשיכטע און ווען איך האָב אַרויסגעזאָגט אַ גוט וואָרט, איז זי צו מיר צוגעלאָפן מיט אַ פרייד:

—איצט וועט זיך אָנהויבן אַ נייַ לעבן. זי איז געווען אין אַ געהויבענער שטימונג, די „מומע באַשע" האָט אַרום איר געטאַנצט, לינע האָט זיך מער געפרייט, ווי מיר אַלע.

בערל דרוקער און שלמה׳קע בערשטער האָבן זייער אַרבעט אָפּ־געטון און זיי זענען אַוועקגעגאַנגען. איך האָב זיי באַדאַנקט מיט אַ שטומען האַנטדרוק.

מיר זענען געבליבן זאַלבעדריט און מיר האָבן באַלד אויפן אָרט געמאַכט אַ מין פאַמיליע־באַראַטונג: פאַר לינע דאַרף מען געפי־נען אַ צימער און דערווייל בלייבט זי ביי באַשען. לינע האָט זיך זייער געפרייט. עטלעכע מאָל איז זי צוגעלאָפן צו באַשען און זיך געקושט מיט איר, צוגעלאָפן צו מיר און געזאָגט:

—אַז זי וועט געבן לעקציעס.

—אַז זי וועט זיך לערנען נייען.

די שטאָט האָט דערווייל גערעדט און געטומלט.

—די חברה־לייט האָבן צוגענומען ביי אַבראַמזאָנס זיין איינציקע טאָכטער.

—די חברה קערט איבער די וועלט קאַפּויער.
—די חברה...

אין עטלעכע טעג שפּעטער איז לינע שוין געווען אין אַן אייגענעם חדר. ביי איינער אַן אַלטער פרוי. יענע האָט געהאַט עפּעס אַן אַלטן קרוב אַ רעוואָלוציאָנער, אַ פאַרשיקטן אין סיביר... און דערפאַר האָט זי זיך צו אַלע פּאַרטיי־מענטשן באַצויגן מיט גרויס רעספּעקט. זי האָט לינען זייער פריינטלעך אויפגענומען, האָט איר אָפּגעגעבן אַ קליין צימערל מיט אַלט־מאָדישע מעבל. לינע האָט אויף איר שטייגער דאָס צימערל צוגעפּוצט און פאַרשענערט.

מיר האָבן ביידע געאַרבעט פיל מאָל. ביידע צוזאַמען צוגעפּוצט אונזער קליינעם גן־עדן: צוגעקלאַפּט בילדלעך אויף די ווענט, אויסגעלעגט אין אָרדנונג אונזערע ביכער.

גוטע, וואַרעמע טעג פון דער פאַרגאַנגענהייט.

פאַראַן מיידעלשע חדרים, וואָס באַקומען אַ טייל פון דער מיידעלשער אומשולדיקייט, אַ טייל פון איר רייץ און שענקייט. דאָס ווייסע בעט מיט די ליכטיקע קרויזן, די רואיקייט און ריינקייט אין יעדען ווינקעלע, אויף יעדער זאַך ליגט דאָס שטעמפּל פון יוגנט און האָפנונג, און די ווערטער אין אַזאַ חדר שוועבן שטילער, איינגעהאַלטענע, ווי אַ וואַסערל, וואָס גנבעט זיך דורך אַ פאַרשלעפּערטן וואַלד.

איצט זענען מיר שוין ווייניקער געגאַנגען צו באַשען, נאָר זי אַליין פלעגט שוין גאַנץ אָפט קומען צו אונז פאַרברייינגען אַ פּאָר פרייע מינוט, זי האָט געקליבן נחת פון אונז און מיר פלעגן גאַנץ אָפט פאַרגעסן, אַז זי, באַשע, איז נאָך אַליין אַזוי יונג... און פאַרוואָס פאַרליבט זי זיך נישט? פאַרוואָס פאַרליבט מען זיך נישט אין איר?

און פון וואַנען איז זי געקומען, די רואיקע איבערגעגעבענע באַשע?

לינע האָט שוין געהאַט עטלעכע לעקציעס, מיט וועלכע זי האָט זיך שטאַרק געפרייט, און פון איר היים האָט מען זי גערופן, בריוולעך בייזע און גיפטיקע געשריבן, שלוחים געשיקט, געדראָאָט מיט פּאָליציי, אויב זי וועט פרייוויליג צוריק נישט קומען. און איינמאָל איז איר מוטער אַליין אַראָפּגעקומען צו דער פרוי פראַנק, וואו מיר האָבן אונזער צימערל געהאַט. צוערשט האָט זי מיט אונזער גרויער בעל־

הביתטע גערעדט איינגעהאַלטן און רואיק, נאָר פּלוצלונג האָט זי זיך גענומען זידלען און שרייען: די אַלטע האָט נישט געטאָרט אַריינלאָזן צו זיך אַ מיידל, וואָס איז מיט אַ בחור אַנטלאָפן פון טאַטע־מאַמע.

לינע איז דאַן אין דער היים נישט געווען און, ווען זי איז צוריקגעקומען, האָט זי אַוועקגעשריבן צו דער מאַמען אַ בריוו און שטאַרק געבעטן, זי זאָל אונז לאָזן צורו, דערביי האָט זי געסטראַשעט מיט חברים, מיט דער אָרגאַניזאַציע. ביי די אַבראַמזאָנס האָט מען פאַר אונז שטאַרק מורא געהאַט...

די אָרגאַניזאַציע...

ששאַ?

דאָס איז געווען דער איינציקער אויסוועג, און דער אַרגומענט מיט די חברים האָט שטאַרק געווירקט: זיי האָבן לינען אויפגעהערט צו באַאומרואיקן.

אין די פרייע שעהען פלעג איך איצט בלייבן מיט לינען אַליין. פון צייט צו צייט פלעגט אויך קומען בערל דער דרוקער, פלעגט קומען נעמען אַ ביכל און אין דער זעלבער צייט אַ קוק טון...

„אויף זיין פּאָרל".

ווי לעבן זיי זיך דאָ...

און „דאָס פּאָרל", איך מיט לינען, פלעגן זיך אָפּט אָפּשווייגן לאַנגע שעהן איינער נעבן צווייטן, פּונקט ווי מיר וואָלטן זיך דורך דעם שווייגן בעסער וועלן דערקענען, מיר האָבן זיך אַ ביסל דערשראָקן פאַר אונזער פרייהייט און אַליין־בלייבן.

שלאָפן פלעג איך גיין אין אַן אַנדער אָרט, נאָר אָפּט, אַז איך פלעג בלייבן שפּעט זיצן ביי לינען, איז שוין געווען פאַר מיר צו ריזיקאַליש אַרויסצוגיין פון דאָרטן. פּאָליציי האָט אויף מיר געלויערט. אין אַזעלכע אָוונטן פלעגט מיר לינע שוין נישט לאָזן אַוועקגיין און צוליב מיר פלעגט זי אַ נאַכט נישט שלאָפן...

מיר פלעגן לייענען און ריידן וועגן אַלצדינג און דאָך נישט דערעדט עפּעס.

די יונגע פרייליכע לינע האָט מורא געהאַט אַ ביסל פאַר מיר אין די דאָזיקע אָוונטן. נישט געטרויט זיך אַליין און מיר נישט געטרויט.

עס איז שוין געווען שפּעטער הערבסט, לאָדנס האָבן האָפּנונגס־לאָז געקלאַפּט אין די שכנישע הייזער. פּאָליציי האָט געלויערט און געזוכט אין אַלע ווינקעלעך פון מיין שטאָט.

און ביי באַשען אין טיר פלעגט מען יעדע נאַכט אָנקלאַפּן, אויפוועקן פלעגט מען דער מידער באַשען...

זי פלעגט זיך שווייגנדיק אָנטון, מיטנעמען אירע אינסטרומענטן און זיך לאָזן אין די אָרעמסטע קוואַרטאַלן...

אויף מאָרגן פלעגט זי קומען צו אונז, אָדער מיר פלעגן גיין צו איר און זי דערציילט, רעדט גוטמוטיק און דערציילט:

—צו רייכקייט איז פיל מאָל קיין ענדע נישטאָ, צו אָרעמקייט אויך נישט.

זי איז ביינאַכט געווען אויף אַ „פּראַקטיק״ ביי אָרעמע מענטשן. אין „שטוב״ האָט מען זיך געדאַרפט איינבויגן, מען זאָל דעם קאָפּ זיך נישט צוקלאַפּן אָן סופיט. קיין לאָמפּ איז נישט געווען. קיין ליכט אויך נישט, האָט מען אָנגעצונדן אַ קינעלע און מיט דער הילף פון קינעלע, וואָס האָט טרויעריק באַלויכטן דעם קעלער, איז אַ ניי נפש׳ל געבוירן געוואָרן.

ווער ווייס—אפשר אַ גרויסער קעמפער...

אפשר אַ משיח...

איינמאָל האָט באַשע דערציילט, אַז זי האָט „אָפּגענומען״ אַ קינד ביי אַ קאַטערינטשיקס אַ פרוי. זי האָט אונז אַזוי אינטערעסאַנט געמאָלט דעם קעלער, וואו דער קאַטאַרינטשיק האָט געלעבט—עס האָט אונז—מיר מיט לינען גענייגערט אַ ביסל און מיר זענען מיט באַשען אַוועק אַהין... לינע האָט מיטגענומען זיסע זאַכן פאַר דער קינפּעטאָרן און באַשע האָט פאַר איר געלט איינגעקויפט אַ ביסל וועש...

אין קעלער איז געווען אַ טיש, אַ קאָמאָד און אַ בעט, אַלץ צוגעפּוצט און צוגערוימט.

אַ קאַנאַרעק אין אַ שטייגל.

אַ ווייס מייזעלע איז אַרומגעשפּרונגען פראַנק און פריי.

אַ פּאָפּוגיי מיט אַ גראָבן שנאָבל האָט כסדר געשריגן: „גיט געלט״ „גיט געלט״. און אין ווינקל איז זיך געשטאַנען די קאַטאַרינקע אַליין, צוגעדעקט מיט אַן צפּגעקראָכענער צעראַטע.

און דער קאַטאַרינטשיק, אַ געזונטער יונג, ער האָט באַלד אַרויס־געמומען אַ פלאַש בראָנפן מיט לעקעך... מיר האָבן געמוזט אויסטרינ־קען צו גלעזל. ער אַליין האָט אָבער אויסגעטרונקען עטלעכע גלעז־לעך...

און ער האָט באַלד גענומען ריידן:

–אַרבעטן וועל איך נישט, איך קאָן נישט...

האָט צו מיר באַשע אַ ווינק געטאָן:

–ווען נח'קע וואָלט דאָ געווען, וואָלט ער אים גוט אויסגעזידלט: אַזאַ געזונטער יונג זאָל נישט וועלן אַרבעטן... עס זענען שפּעטער געקומען אין קעלער עטלעכע בחורים מיט פאַרדעכטיקע פּנימער. דער קאַטערינטשיק האָט זיך גענומען צו דער קאַטערינקע, עס איז אַוועק אַ טאַנץ, אַ געזאַנג...

–און איינער פון די נייגעקומענע האָט אַלץ גערעדט, אַז מיר מוזן מאַכן שלום...

–די גנבים מיט די חברה־לייט מוזן מאַכן שלום, אונז יאָגט די פּאָליציי, אייך יאָגט די פּאָליציי, דעריבער מוז מען מאַכן שלום...

און ווידער אַ גלעזל...

מיר האָבן דאַן אַלע געמאַכט שלום, אַלע גנבים, אַלע קאַטע־רינטשיקעס פון דער וועלט און אַלע חברה־לייט, וואָס ווילן איבער־מאַכן די וועלט... אַלע האָבן מיר שוין געמאַכט שלום און דער טאַטע אַליין האָט אַרויסגעכאַפּט פון די מאַמעס אָרעמס דעם פינפטאָגיקן „יאטל" און זיך געלאָזט טאַנצן מיט אים...

דאָס „יאטל" האָט געקוויטשעט ווי אַ וועוויאָרקע, דאָס מייזל האָט זיך באַהאַלטן, דער פּאָפּוגיי האָט געפּלאַפּלט זיין „גיט געלט" און דער קאַנאַרעק האָט זיך פונאַנדערגעזונגען... עס איז אַוועק אַ מוזיק, אַ געטומל און דער גאַנצער קעלער האָט זיך ערגעץ הויך־הויך אויפגעהויבן.

מיר זענען קוים פון קעלער אַנטלאָפן און אויפן גאַס האָבן מיר אַלע דריי געלאַכט, ווי קינדער...

אָפּגערעדט האָבן מיר מיט באַשען, אַז ווען עס וועט זיך מאַכן נאָך אַזאַ געלעגנהייט, זאָל זי אונז אַהין אַוועקפירן.

יבען האָט אַלץ געפרייט, זי האָט אויף אַלץ געקוקט מיט אי־

דע ברייט־געעפנטע אויגן... אפשר איז דאָס געווען די גליקלעכסטע צייט פון מיין לעבן, נאָר איין שוואַרצער שאָטן האָט זיך געלייגט אויף מיין וועג: נח׳קע האָט זיך גענומען דערווייטערן פון מיר..:

צו ערשט האָט ער מיך גענומען שיקן אין די שטעטלעך אַרום. איך האָב אַלץ געפאָלגט, נאָר דערנאָך ווען לינע האָט מיר צוויי מאָל באַגלייט אויף מיינע רייזעס, האָט ער זיך שוין אָפּגעזאָגט מיר צו געבן אזעלכע שליחות...

איך האָב פארשטאנען, אז ער האלט מיך פאר א „פארפאלענעם מענטשן”.

איך דערמאָן זיך, אז דאָס האָט מיך געקריינקט, איך האָב עס פארטרויט פאר לינען...

האָט זי געלאכט פון דער „מאלפע” און געלאכט פון מיר, וואָס איך האָב זיך „פארליבט” אין אזא נח׳קען און פאָלג אים אלץ.

און מיטאמאָל דערהער איך אזא פראזע:

—אז איך וועל פארלאנגען, וועסטו אלע חברים אוועקווארפן... ניין? יאָ? ניין?

איך בין א ביסל צעטומלט געוואָרן פון אזא איינפאל...

## IV

# געהיימע פאַרזאַמלונגען...

אין דעם לאַבירינט פון די אָרעמע געסלעך פלעגן מיר זיך בּיינאַכט גנבענען... איינציקווייז, איינציקווייז.

מיר פלעגן קומען צום אָפּגערעטן פונקט.

ערגעץ אין אַ אומעטיק הייזל מיט שמאָלע צעקרימטע טרעפּ, מיט אַ נידעריקן סופיט, אַ חדר מיט אַ טרויעריקן דלות, וואו עס פלעגט בּליצן אויפן ערשטן אָרט אַ קופערנע פּאַן—די איינציקע צירונג פון דלות...

וואו עטלעכע אַמעריקאַנער פאָטאָגראַפיעס האָבּן מיט אויפגעקו־מענעם שטאָלץ אַראָפּגעקוקט אויף אונז.

אַמאָל בּיי אַן אַלטן פישער, וואו מיר פלעגן קוים אויסהאַלטן דעם ריח פון פישערס בּגדים, אַמאָל בּיי אַן אַלטער, אַלטער אלמנה... אַזעל־כע אָרעמע נעסטן—פאַר עטלעכע גילדן פלעגט מען אונז אָפּגעבּן דאָס צימערל אויף אַ גאַנצע נאַכט.

און ציטערן פלעגט די אַלטע אלמנה, זי פלעגט זיצן אין אַ ווינקל און דרימלען און אויפציטערן בּיי יעדער שאָרך: טאָמער קומט פּאָליציי.

און דאָס, וואָס מיר גייען זיך פאַרמעסטן מיט די שטאַרקסטע פון דער ערד, דאָס, וואָס דער קייזער איז שוין בּיי אונז קיין קיי־זער נישט—אַזעלכע וויכטיקע זאַכן איז איר נישט אָנגעגאַנגען.

און אַרום אַ קליינעם טישל פלעגט זיצן אונזער קאָמיטעט און בּאַטראַכטן וויכטיקע ענינים. אָט אָ דאָ, בּיי דער אָרעמער יידענע, אין איר ענגן הדרל, פלעגן מיר עס בּאַשליסן צו דעמאָנסטרירן אין גאַס, אויפצוהייבּן אַ שטרייק אין דער גאַנצער שטאָט.

ציטערט, זאַטע פאַבריקאַנטן, ציטערט.. מיר האָבּן אָנגענומען אַ בּאַשלוס.

דאָס פֿענסטער איז געווען פֿאַרהאָנגען, מיר פֿלעגן אויסהערן איינער דעם צווייטן געהאָרכזאַם, באַשליסן און פּלאַנעווען יעדן טריט, אַלץ פֿאָראויסזען, אַלץ איבערוועגן... דערנאָך, צו איינציקווייז, זיך אַראָפּגנבענען פֿון די טרעפּ און פֿאַרשוואונדן ווערן אין די געסלעך. די נאָכשפּירערס פֿלעגן אונז, ווי שאָטנס, נאָכגיין, נאָר די נאַכט און אונזער פֿאָרזיכטיקייט פֿלעגט מערערע מאָל ראַטעווען פֿון אַלע אומגליקן.

די אַרבעט איז געוואָרן גרעסער, די אָרגאַניזאַציע האָט זיך פֿונאַנדערגעוואַקסן. עס זענען אַריינגעצויגן געוואָרן אַ סך בעל־הבתּישע קינדער. רייכע יינגעלייט, וועלכע האָבן געלערנט אין אויסלאַנד.

די בורזשואַזע „יאַטן“ האָבן אונז אַ סך פֿאַרלייכטערט די אַרבעט. מיר פֿלעגן זיך שוין אָפּט צענויפֿקלויבן ביי זיי אין די רייכע הייזער און מיר האָבן געהאַט די מעגלעכקייט, זיך צו קוקן ווי די בורזשועס לעבן. איך געדענק, אַז איך האָב געהאַט גרויס דרך־ארץ פֿאַר זיי, כאָטש איך בין געווען אַ רעוואָלוציאָנער...

אין כּעס בין איך געווען אויף זיי, געהאַסט זיי, ווייל מען האָט זיי געדאַרפֿט האַסן, דאָך פֿלעג איך פֿאָרזיכטיק גיין אויף די טעפּיכער, פֿאָרזיכטיק זיך געהאַלטן אין די באַפּוצטע חדרים, טאָמער צעברעך איך וואָס. אַנשטאָט יידישע ספֿרים, האָב איך דאָרט געזען גרויסע שראַנקען מיט אויסלענדישע ביכער, מיט גאָלדענע פּאָליאַנטען און פֿיל אומפֿאַרשטענדלעכע פֿאַר מיר בילדער. איך האָב געהאַט דרך־ארץ, ווען פֿון צווייטן חדר פֿלעגט זיך פּלוצלונג דערהערן אַ שפּילן אויפֿן קלאַוויר, און אַמאָל פֿלעגט אַריינקומען פֿון צווייטן חדר אַ יונגע שלאַנקע מיידל און זי גיט אַזוי נייגעריק אַ קוק אויף דעם בחור מיט דער שוואַרצער בלוזע, און דער בחור מיט דער שוואַרצער בלוזע גיט אַ ציטער פֿון איר שיינקייט און שטאָלץ...

ביסלעכווייז האָב איך זיך צוגעוויינט צו די נייע מענטשן, אמת, זיי זענען טאַקי רייך, אָבער זיי אַרבעטן דאָך מיט אונז, זיי ריזיקירן, ביי איינעם פֿון אַזעלכע חברים איז געלעגן אונזער העקטאָגראַף, ביים צווייטן דער שטעמפּל פֿון אונזער קאָמיטעט, ביים דריטן אומלעגאַלע ליטעראַטור. ביי זיי אין די רייכע הייזער פֿלעגט דאָך די פּאָליציי נישט זוכן אַזוי אָפּט, ווי ביי אונז.

אַמאָל פֿלעגט אויך פֿאָרקומען אַ וועטשערינקע ביי די רייכע.

דאָן פלעגן זיך צענויפקלויבן די רייכסטע און שענסטע מיידלעך פון
אונזער שטאָט, מען לייענט, מען דעקלאַמירט דרייסטע לידער, מען
זינגען שטילערהייט די מאַרסעליזע און מען רעדט פון די קדושים,
וואָס זענען געפאַלן פאַר דער פרייהייט, און דערנאָך פאַרגעסט מען
טאַנץ און מען שפּילט אין פאַנדן און איך פאַרשפּיל, און חברה שטי-
פעריי פאַרמשפּט מיך, איך זאָל אַ קוש טאָן לינע אַבראַמזאָן. צי זיי האָבן
עפּעס באַמערקט אין אונז, צי דאָס איז בלויז אַ צופאַל, נאָר איך בין
דאָך אַ קעמפער, אַ העלד, אַ רעוואָלוציאָנער, און וואָס דער כלל לייגט
אַרויף אויף מיר, מוז איך פאָלגן. גיי איך מיט האַרץ־קלאַפּעניש, מיט
אונטערגעטרייסלטע פיס צו לינען... און זי גייט אַנטקעגן מיר און
שטעלט צו איר רונדע זאַפּטיקע באַק...

עמיץ האָט אַ געשריי געטאָן „בראַוואָ”, נאָך איינער האָט אַ לאַך
געטאָן, נאָר דער עולם, און אַפילו לינע, ווי עס האָט מיר אויסגעדוכט,
אַלע האָבן עס באַלד פאַרגעסן, נאָר מיט מיר איז עפּעס פּאָרט פּאָר-
געקומען. אַ מענטש האָט אַ האַרץ און ביי מיר אין האַרצן האָבן פייער-
לעך גענומען טאַנצן און לידער האָבן זיך אַליין געזונגען... איך האָב
דערפילט, אַז איך, איך אַליין לעב עפּעס אויף מיט מיין אייגענעם
לעבן, מיט מיין פייער און מיט מיין לוסט.

עך, אויב מען וועט איצט באַדאַרפן, וועל איך דעם קאָפּ מיינעם
אַוועקגעבן פאַר דער באַוועגונג. פון יענעם טאָג אָן האָב איך נאָך פלייסיקער געמונען אַרבעטן, ניי כחות זענען צוגעקומען, זינגנדיק בין
איך געגאַנגען און געוועקט זיך און אַלעמען צו דער אַרבעט, און מיט
אַ קלאַפּעדיקן האַרץ פלעג איך עפענען די טיר ביי דער טיאָטע באַ-
שע, וואו לינע אַבראַמזאָן פלעגט זייער אָפט קומען און אומעטיק,
אומגעדולדיק זיץ איך דאָרטן דאַן, ווען לינע קומט נישט, נאָר קיינער
באַמערקט נישט, און האָט גאָט איינגעאָרדנט, וואָס יעדער מענטש האָט
זיך אַ האַרץ, וואו ער קען באַהאַלטן זיך אַליין מיט אַלע זיינע באַרי-
שע און קליינע איבערלעבונגען.

הערסט! אין מיטן קאַמף האָב איך גאָר געגומען בענקען נאָך
אַ מיידל—חברה וואָלט פון מיר שטאַרק געלאַכט, ווען זיי וואָלטן וויסן,
וואָס עס טוט זיך אין מיר.

חברה האָט פון מיר מער געהאַלטן, ווי איך האָב עס אויף אַן

אמת פאַרדינט. מען פלעגט מיך איבערגעגעבן די פעראַנטוואָרטלעכסטע אַרבעט, מען פלעגט מיר פאַרטרויען די גרעסטע סודות... און דאָ מיט אַמאָל אַ פאַרליבעניש...

בישט אומזיסט האָט זיך נח׳קע אָפּגעטרייסלט פון מיר. האָט כמעט אויפגעהערט צו ריידן מיט מיר. איך האָב זיך געפילט זינדיק און שטאַרק געליטן פון דעם...

איינמאָל האָב איך אים אָפּגעהיט שפּעט אין אָוונט. איך האָב געוואוסט, אַז אין דער צייט עסט ער אין אַן אָרעמער מילך־קרעמל. בין איך דאָרט אַוועק און אים געטראָפן ביי אַ שטיק קעז מיט ברויט...

—חבר נח׳קע! איר זייט בייז אויף מיר...

ער האָט זיך ווייטער געגעסן זיין קעז...

—איר זייט בייז אויף מיר. ווייל איך גיי אַרום מיט דער לינע, אָבער צי דען איז דאָס אַזאַ גרויסע זינד, איך אַרבעט דען ווייניקער פאַר דער אָרגאַניזאַציע?

—ווייניקער, יאָ אַ סך ווייניקער...

—ווי אַזוי? איך טו דאָך אַלץ, וואָס איך קאָן, דעם גאַנצן טאָג גיב איך אַוועק.

נאָר יענער האָט אָנגעשטאָפּט אַ מויל מיט קעז און האָט גע־גלאָצט מיט די אויגן אויף דער וואַנט. אין מיר האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטורעם, אַ פּראָטעסט, עס האָט מיך אָנגעהויבן צו פאַרדריסן אויף זיך אַליין, וואָס איך בין דאָ געקומען זיך פאַרענטפערן פאַר אים. איך האָב אָבער געמאַכט דעם לעצטן פּרוב:

—זאָגט מיר, אדרבה, זאָגט מיר, וואָס איך זאָל מער טאָן?

—איינפּאַקן די פּעקלעך און אַוועקפאָרן קיין ווילנע, קיין מינסק, אַנטלויפן פון דער פאַרליבעניש...

ער האָט עס אַרויסגערעדט גלייכגילטיק מיט אַ פולן מויל קעז.. ער האָט דאַן מיר נאָך מיאוסער אויסגעזען און עפּעס אַ קאַלטע, טרו־קענע פרעמדשאַפט האָט זיך געשטעלט צווישן אונז ביידן.

איך בין אַוועק פון דער מילך־קראָם, דאַכט זיך, אַן אַ „גוט־נאַכט". און געוואונדערט האָב איך זיך אויף זיך אַליין: ווי אַזוי האָב איך זיך געחברט מיט אַזאַ נפש

דאָך וואָס ווייטער איך בין געגאַנגען, אַלץ מער ספקים האָבן

מיך גענומען פייניקן. אפשר? אפשר האָב איך שטאַרק געזינדיקט מיט דעם, וואָס איך האָב זיך אויפגעהברט מיט דעם בורזשויס טאָכטער?

און עס איז אַוועק אַ נאַכט אָן שלאָף, אָן רואיקייט.

און אין דער פרי ביי לינען.

אַ פרעסטל אויף די פענסטער, נאָר ביי איר אין צימערל איז אַזוי וואַרעם, און די פּאָר גרויסע אויגן מאַכן אַזוי ליכטיק אויף דער נשמה, אַז מען פאַרגעסט אין אַלע נח׳קעס...

איך פלעג מיט איר איצט גיין אויף אַלע פאַרזאַמלונגען. זי פלעגט מיך אומעטום באַגלייטן.

פון עמיצן האָב איך געהערט:

—מיט אַ שיין מיידל גייסטו...

—אַ וואויל מיידל!

—און אַ רייכע!

—ביזט נישט קיין יאָלד!

זי האָט אומעטום אַריינגעבראַכט מונטערקייט און פריילעכקייט. אַ סך מאָל האָב איך געטראַכט מיט אַ קלעמעניש, אַז זי וועט זיך פלוצלונג אויסלאַכן פון מיר מיט דער אָרגאַניזאַציע און וועט אַוועק מיט איר אַ גלייכן—פרעמד און נאָנט איז זי מיר געווען...

אין שטאָט האָט מען פיל גערעדט וועגן איר אַנטלויפן, און אַזוי ווי די צייט איז געווען אַ געהויבענע—עס זענען נייע אידעען געבוירן געוואָרן און קיינער האָט נישט געוואָלט אָפּשטיין, האָט זי אויך געהאַט אַ סך פאַרטיידיקער...

—אודאי אַזוי..

—אַ מענטש באַדאַרף זיין פריי...

—יעדער איז אַ בעל־הבית אויף זיך...

—זי האָט גוט געטאָן...

און דערוויייל האָט לינע באַקומען אַ סך לעקציעס און האָט גאַנץ גוט פאַרדינט. כאָטש איר טאַטע און מאַמע האָבן זיך באַהאַלטן פון חרפה:

—אונזער טאָכטער, אונזער בת־יחידה זאָל געבן לעקציעס. עס זענען אַלץ אָפּט צו איר געקומען שלוחים:

—טאַטע־מאַמע האַבן דאָך שוין אויסגעוויינט די אויגן.

—זאָלן זיי נישט וויינען, איך לעב דאָך נאָך, איך בין געזונט און איך פאַרדין... וואָס ווילן זיי פון מיר?

זי האָט זיך זייער שטאַרק געהאַלטן און איז אַלץ מער אויסגעוואַקסן אין מיינע אויגן...

נאָר צווישן אונז איז נאָך אַלץ געווען אַ פרעמדשאַפט. נישט אונזער ליבע, נישט אונזערע געפילן פון איינעם צום צווייטן איז געווען דער עיקר.

די אָרגאַניזאַציע...

די אַרבעט...

דאָס אַלץ האָט פאַרשלייערט אונזערע פנימער און מיר האָבן זיך נאָך גוט אין די אויגן נישט אַריינגעקוקט...

באַהאַלטן זיך איינער פון צווייטן...

און געלאָפן פון פאַרזאַמלונג צו פאַרזאַמלונג.

און פאַרזאַמלונגען זענען פאָרגעקומען אַלץ מער. איינע ריזיקאַלישער פאַר דער צווייטער, און דער עולם איז אַלץ גרעסער געוואָרן...

איינמאָל אין אַ ווינטערדיקער נאַכט, עס איז אָנגעפאַלן אַ שווערער פּאָכיקער שניי. פרייטאָג צו נאַכט איז עס געווען. פון די הייזער האָבן שבתדיק געוואונקען פיל פייערלעך צו אונז. דער שניי האָט געבייגט צו פרייד, צום לאַכן און ליגע האָט טאַקע כסדר געלאַכט. זי האָט דערציילט פון אירע עלטערן, ווי זיי פלעגן זי נישט לאָזן גיין צו די „בעקער־יונגען”.

און איצט איז גוט, זי איז פריי.

מיר האָבן געמאַכט פאַר זיך אַ נייעם וועג אין שניי, וועלכער איז איצט מיט אַזאַ ווייסער פרישקייט געלעגן אויף די געסלעך.

די פאַרזאַמלונג האָט געזאָלט פאָרקומען אין אַן אייז־קעלער, ווייל מיר האָבן קיין אַנדער אָרט נישט באַקומען—פאָליציי האָט אונז אומעטום נאָכגעקוקט און אַלע האָבן מורא געהאַט אונז אַריינצולאָזן אויף צו פאַרזאַמלען זיך.

אין דעם אייז־קעלער איז געווען נאַס און קאַלט, אַראָפגיין האָט מען געמוזט אויף אָנגעשטעלטע קאַסטנס, איינער דעם צווייטן האָט געהאָלפן דערביי. עטלעכע ליכט האָבן געברענט און געוואָרפן אַ

אַנטיקן אָפּשיין אויף די ווענט, פון וועלכע עס האָט אָנגעהויבן שטאַרק צו רינען פון דער וואַרימקייט, וואָס די מענטשן האָבן דאָ מיטגעבראַכט. עס איז געוואָרן אַלץ איינגער די לופט. נאָר מיר האָבן קיין לופט נישט געדאַרפט. עס איז געווען דער יאָר־צייט נאָך די דעקאַבריסטן און אַזאַ טאָג האָט מען פאַר קיין פאַל נישט געטאָרט דורכלאָזן אָן אַ באַעהרונג, אָן אַ פאַרזאַמלונג. איבער אַלעמענס קעפּ האָט זיך אויפגעהויבן איין רעדנער נאָכן צווייטן און דערציילט פון יענער העלדישער עפּאָכע...

אַלעמענס הערצער זענען ערגעץ ווייט אַוועק, אַלעמענס בליקן האָבן זיך פאַרטיפט אין זיך...

און קיינער האָט נישט געפילט, אַז די נאַסקייט און פייכטקייט גיסט זיך צענויף מיט דעם שווייס פון עטלעכע הונדערט מענטשן, און עס איז שוין באַלד אומעגלעך דעם אָטעם אָפּצוציען.

אין קעלער, אין נעץ, אונטער דער ערד האָבן זיך מענטשן פאַרקליבן און שלינגען איין די ווערטער וועגן קאַמף און נקמה און פלוצלונג...

„פּאָליציי גייט!“ עמיצער פון גאַס האָט געגעבן צו וויסן וועגן דעם. אין קעלער איז געוואָרן אַ טומל. איין מאָמענט און עס וואָלט פאָרגעקומען אַ קאַטאַסטראָפע, די קאַסטנס וואָלטן נישט אויסגעהאַלטן. ווען אַלע זאָלן זיך אַ לאָז טאָן צום אַרויסגאַנג. אומזיסט האָט דער רעדנער גערופן צו באַרויִקונג...

וואָס איז דאַן מיט מיר פאָרגעקומען? איך געדענק, אַז איך האָב זיך דערשראָקן נישט ווייניקער פאַר אַלעמען און איך האָב אַליין גע־וואָלט פּטור ווערן פון ענגן קעלער. נאָך עפּעס האָט מיך אַ שטויס געטאָן, איך בין צוגעלאָפן צו דער טיר און אַרויסגעכאַפּט פון קע־שענע אַ צעבראָכענעם רעוואָלווער. „שטייט! דער, וואָס וועט זיך רירן, דעם וועל איך דערשיסן, פּחדנים“! עס איז געוואָרן אַ טויטע שטיל־קייט. אַלע זענען געבליבן אויף די ערטער. עטלעכע מענטשן האָבן פאַרלאָשן די ליכט, מען זאָל נישט באַמערקן, אַז דאָ איז ווער פאַראַן אין קעלער...

אַ רגע פון טויטער שטילקייט. קיין ציפּס, קיין „אוי“ האָט זיך נישט דערהערט.

עטלעכע הונדערט מענטשן זענען ווי אָפּגעשטאָרבן געוואָרן...
מען האָט נאָר געהערט, ווי פון די צעוואָרעמטע ווענט פאַלן טראָפּנס. אין אייז־קעלער איז געווען שטאָק פינסטער...
ששש...

די פּאָליציי איז דורכגעגאַנגען, אַרומגעשמעקט דעם הויף און אַוועק.

שטיל, שטום מיט איינגעהאַלטענע אָטעמס האָבן מיר איבערגע־לעבט די דאָזיקע רגע. ווען מען האָט זיך באַרואיקט, זענען פיל חברים צוגעלאָפן צו מיר און באַגריסט, איך בין נאָך צופעליג געוואָרן אַ העלד... מיט אַ צעבראָכענעם רעוואָלווער... מיט אַ געמאַכטער שטרענג־קייט... איך האָב באַמערקט לינעס בליק אויף זיך און דערפילט: אָט איז די אמתע באַלוינונג. מיט אַ געטריישאַפט האָט זי געקוקט אויף מיר.

דערנאָך איז מען אַרויסגעקראָכן פון קעלער און מען האָט זיך געלאָזן וואוילגיין מיטן שניי. די פרישע לופט האָט גערייצט. איך האָב זיך געיאָגט נאָך ווענען מיט אַ קויל שניי, נאָר שטענדיק לויפט מיר אונטער לינע מיט איר לאַכעדיקן פּנים און פאַרשיט מיר די אויגן. איך האָב זי סוף כל סוף געכאַפּט און עטלעכע רגעס נישט אָפּגעלאָזן... ביסלעכווייז האָבן מיר זיך אָפּגעטיילט פון אַלעמען. נאָר שלאָפן האָט זיך נישט געוואָלט גיין. די איינגעגעבענע פאַרזאַמלונג, דער אויסגעמיטענער דורכפאַל האָט אויפגעמונטערט, דערצו די ווייכע נאַכט, דער שניי אַרום...

ניין, מיר ווילן נישט גיין שלאָפן, מיר זענען אַוועק צו באַ־שען. זי איז נישט געווען אין דער היים, נאָר אויפן קאַנאַפּע איז געשלאָפן איינער, צוגעדעקט מיט אַ פּאַלטאָ. מיר זענען צוגעוואוינט צו אַזעלכע בילדלעך. מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויף באַשעס בעט און לאַנג, לאַנג גערעדט. זי איז שוין אַ סך ערנסטער, ווי איך האָב געטראַכט, די לינע.

און פון מיר האָט זי אָפּט געטראַכט. ביי זיי אין שטוב דערמאָנט מען מיין נאָמען אָפּט. איך בונטעווע די גאַנצע שטאָט און אָט דער־פאַר, פאַרשטיי איך, האָט זי וועגן מיר געטראַכט.

איך בין גאָרנישט אַזאַ העלד, מיין טייערע, נאָר אויב דו וועסט וועלן — ווער ווייס?

איך וועל זיך פאַרמעסטן אויף דער גאַנצער וועלט-אויב דו וועסט באַלויכטן מיין וועג מיט דיין שמייכל...

עס איז געקומען באַשע אַ פאַרמאַטערטע, נאָר ווי זי האָט אונז דערזען ביידען צוזאַמען, איז זי אַליין געוואָרן פרייליכער און ביז פאַרטאָג האָבן מיר געפלאַפּלט און געלאַכט.

דער, וואָס איז געלעגן אויף דער קאַנאַפּע, האָט זיך פלוצלונג אויפגעהויבן און מיט כעס אַ קוק געטון אויף אונז: „שלאָפן לאָזט איר נישט", „ליבעס פירט איר דאָ".

דאָס איז געווען שמואלקע דער אַנאַרכיסט. ער איז שוין לאַנג אַוועק פון אונזער אָרגאַניזאַציע, דאָך האָט ער זיך געהאַלטן מיט אונזערע חברים, געקומען שטענדיק אַ בייזער און דיסקוטירט, געטיילט זיך מיט אונזער עסן.

איצט האָט ער זיך אויפגעהויבן און איז מיט כעס אַוועק: מיר האָבן אים נישט געלאָזט שלאָפן.

באַשע האָט אים גוטמוטיק נאָכגעקוקט, זי האט אים מוחל גע־ווען זיין אומטאַקטישקייט.

עס קומט לאַנגזאַם אָן דער טאָג. איך פיל זיך מידער פאַר אַלעמען, און באַשע בעט זיך ביי מיר, איך זאָל זיך אַ ביסל אָפּרוען אויף איר געלעגער. זי אַליין זעצט זיך אויף אַ שטול לעם לינען. איך שלאָף איין און ווען איך כאַפּ זיך אויף אין אַ שעה אַרום, זע איך ביידע פרויען זיצן צוזאַמען. ביי לינען זענען די האָר פונאַנדער־געלאָזן און באַשע שפילט זיך מיט זיי, ווי מיט האַרפּע־סטרונעס...

זיי ריידן ביידע און קוקן יעדע רגע, צי איך שלאָף

עפּעס פרעגט באַשע און לינע ווערט רויט, זי וואַרפט ווידער אַ בליק, צי איך שלאָף. וויל איך נישט אויסהערן זייערע סודות און שלאָג איבער זייערע רייד מיט אַ „גוט־מאָרגן".

שטייען זיי צו צו מיר, צי איך האָב נישט געהערט, וואָס זיי האָבן גערעדט:

—ניין!

—אויף אַן אמת נישט...

—ניין!

גלויבן זיי מיר און פון די שטיפערישע פראַגן און פון דעם

פרישן שניי, וואָס זעט זיך דורכן פענסטערל, ווערט פרייליכער אויף דער נשמה און באַשע לויפט שוין אין קיך ברייננען טיי מיט זעמל...

ליגע איז מיד און דאָך איז זי אין אַזאַ רואיקער, גוטער שטימונג:

—נישט געשלאָפן אַ נאַכט, און איך פיל דאָס גאָרנישט. אַזוי זאָגט זי און זעצט זיך צו צו מיר און קוקט מיר אין די אויגן אַריין...

—דו ווייסט—זאָגט זי,—וואָס מיר איז איינגעפאַלן...

—וואָס? רעד!

—לאָמיר אַוועקפאָרן פון דאַנעט, פון אַלעמען אַוועקפאָרן... ווייט, ווייט.

שוין עטלעכע מאָל האָט זי מיר דאָס שוין געזאָגט און שטענדיק מוז איך זיך אַרויסדרייען מיט פאַרשידענע אויסריידן, און דער עיקר: איך בין דאָך אַ פאַרנומענער מענטש, איך אַרבעט דאָך.

—צי דען געפעלט דיר נישט מיין אַרבעט, וועלכער איך גיב אָפּ מיין גאַנצער נשמה?

איך דערהער נישט איר ענטפער, ווייל אין דער רגע עפנט זיך די טיר און בערל דער דרוקער קומט אַריין אַ פאַרפרוירענער, איינגעוויקלט אין אַ גרויסן פאַרשנייטן שאַל...

אַזוי פרי. עפּעס איז געשען.

און בערל דערציילט, אַז ביינאַכט זענען פאָרגעקומען אַ סך אַרעסטן, מען האָט כמעט דעם גאַנצן קאָמיטעט אַרעסטירט און מענטשן זענען דורכגעפאַלן מיט ליטעראַטור, מיט בריוו...

עס ווערט שטיל און שטום אין באַשעס קליינעם צימערל און ווען באַשע אַליין קומט אַריין מיט דעם טיי און זעמל... זי בלייבט שטיין אַ צעטומלטע...

אַזוי? אַרעסטירט...

אסתּרן אַרעסטירט, אַלטער דעם גראָווער אַרעסטירט, זשאַמען דעם גאַרבער, אַלעמען, די בעסטע חברים... ווער וועט איצט אָנפירן מיט דער אַרבעט? און זשאַמעס ווייב באַדאַרף די טעג געבוירן, זי איז אַליין, זי מוז דאָרט ווייגען, און זי קלערט נישט קיין סך, באַשע, כאַפּט אַרויף איר מאַנטל און לויפט אַוועק צו זשאַמעס ווייב—זי האָט

שוין פאַר ווענען צו זאָרגן.

און מיר בלייבן אין צימער, דאָס עסן קריכט שוין נישט אין מויל. שפּעטער קומט אַ צווייטער חבר און דערציילט נייע פּרטים וועגן די אַרעסטן.

אַ חורבן...

נאָר מיר פאַלן ביי זיך נישט אַראָפּ. אויפן אָרט מאַכן מיר אַ פּלאַן, מיר באַשליסן צונויפצושטעלן אַ נייעם קאָמיטעט און זאָל די מאַכט נישט טראַכטן, אַז מיר זענען שוין אָפּגעשוואַכט...

פון די אַלע טרויעריקע בשורות איז אויך געווען איינע, וואָס האָט געטרייסט: נח'קע איז נישט דורכגעפאַלן און אַז נח'קע איז גאַנץ, וועט בלייבן אַן אָרגאַניזאַציע...

מען וועט צושיקן קרעפטן פון אַנדערע שטעט.

און אין דעם זעלבן אָוונט האָבן זיך איינציקע סילועטן געגנבעט אין די געסלעך פון די „פּיאַסקעס", צו אַן אָפּגערעטן אָרט האָט מען זיך געגנבעט... מען איז זיך צענויפגעקומען און ווידער באַטראַכט, וואָס צו טאָן.

יעדערער איינער פון אונז איז געווען ערנסט און יעדער איינער איז געווען גרייט צו אַרבעטן פאַר צען...

אין אַ וואָך אַרום איז די גאַנצע אַרבעט שוין געווען צוריקגעשטעלט. איך האָב זיך פאַר דער צייט זייער ווייניק געזען מיט ליבען און מיט באַשען. זיי האָבן געוואוסט, אַז איך אַרבעט פון פרי ביז שפּעט אין נאַכט...

נח'קע האָט זיך צוגעקוקט צו מיין פלייסיקייט, נאָר צו אונזער אַמאָליקער פריינטשאַפט איז שוין מער נישט געקומען. אין דער אַרבעט זענען מיר געווען צוזאַמען, אויסער דער אַרבעט—פרעמדע מענטשן.

עס האָבן זיך דאַן אויפגעהויבן אַ סך גרעסערע און קלענערע שטרייקן. עס איז אויסגעקומען גאַנצענע טעג אַרומצוקריכן אין די יידישע איינגע פאַבריקלעך, וואו די בערדיקע האַנט-וועבער פלעגן אונז באַגעגענען מיט צאָרן און אויפרעגונג. זיי האָבן מורא געהאַט, אַז צוליב די אַגיטאַטאָרס זאָלן זיי נישט פאַרלירן זייער פּרנסה.

מיט גוטע רייד, מיט צוגעפּאַסטע אַרגומענטן האָבן מיר ביסלעכוויז אַריינגעשלעפּט אין דער אַרבעט איינעם נאָכן צווייטן. און

אומעטום, וואו מיר האָבן נאָר איבערגעלאָזן אַ קערנדל, אַ קליין וואָר-צעלע, ווען עס האָט זיך נאָר איינגעגעבן ערגעץ אַ שטרייקל, האָבן מיר טריאומפירט און דאָס איז געווען אַ נייער קאזער אין אונזערע הענט...

עס האָט זיך אַלץ מער געלאָזן אַרויסרייסן פון די בעל־הבתים, און יעדן זיג פלעגן מיר ברייט אויסנוצן אויף אַלע זייטן.

ביסלעכווייז...

מיר זענען שוין געגאַנגען ווייטער: צו די גרויסע דאַמף פאַבריקן, וואו עס האָבן געאַרבעט כמעט בלויז קריסטן.

דאָרט איז געווען שווער צוצוקומען—די סכנה איז געווען גרע־סער. די וועכטערס פלעגן נישט אַריינלאָזן און גאַנץ אָפט איז פאָ־ליציי געשטאַנען ביי די טירן.

פלעגט מען קלעטערן איבערן פאַרקאַן און גלייך אין פאַבריק אַריין, צו די גרויסע, צו די ווילד־שפּרינגענדיקע מאַשינען, משונה־דיקע רעדער מיט טויזנטער שרייפּעלעך, מיט לעדערנע פאַסן, וואָס פלעגן האַסטיק פליען און זיך וואַרפן, ווי שלאַנגען...

עס פלעגט ברומען און קלאַפּן, אַ מורא פאַלט אָן, אַ פרמדשאַפט קוקט פון אַזוי פיל מאַשינען... ווער האָט עס אַלץ אויסגעטראַכט? ביי די דאָזיקע רעדער און אייזערנע אָרעמס, אַרום זיי קריכן קליינע פאַרשוויצטע מענטשעלעך.

שווייגעדיקע, שטומע—די מאַשינען לאָזן נישט רעדן.

און מיטאיינמאָל פלעגן זיך די מאַשינען אָפּשטעלן. די פאַבריק נעמט פייפן און אַלע אַרבעטער קלויבן זיך צענויף אויף איין אָרט. יינג און אַלט, פרוי און מאַן—קוקן זיי אָן דעם רעדנער און שלינגען די ווערטער, אין אַזאַ רגע וואָלט מען זיי אין פייער געקאָנט שיקן.

נאָר נישט אַלע מאָל איז דאָס אַזוי גלאַטיק אָפּגעגאַנגען: אין אַנדערע פאַבריקן האָט מען אונז בייז באַגעגנט. נישט איינמאָל האָט מען אַ חבר אויסגעשמירט מיט סאַזשע דאָס פּנים און אַרויסגעטריבן פון פאַבריק, געווען אַ פאַל, ווען מען האָט איינעם פון אונז אָנגעטאָן אַ זאַק אויפן קאָפּ, צוגעבונדן מיט אַ שניר און אַזוי געטריבן אים מיט שטעקנס. געשלאָגן און געטריבן פון פאַבריק אויפן הויף און פון הויף אויף דער גאַס, ביז פּאָליציי האָט אים אַרעסטירט.

און געווען איז אויך אַ פּאַל, ווען מען האָט פּאַר איינעם אימפּראָ־
וויזירט אַ תּליה.

—וואָס ביסטו געקומען: בונטעווען? וואָס? געגן גאָט רעדסטו?
און אין איין מאָמענט האָט מען געבראַכט שטריק, פּאַרוואָרפן אויף
אַ וואַליק פון אַ מאַשין, געמאַכט אַ פּעטליע און גענומען שלעפּן אונזער
חבר... צום גליק האָבן עטלעכע ווייכהאַרציקע פרויען פון די אַרבע־
טער גענומען שרייען און די עקזעקוציע האָט זיך געענדיקט בלויז
מיט קלעפּ.

און דאָך איז געקומען אַ טאָג, ווען מיין שטאָט האָט דערזען,
ווי אַלע גרויסע פאַבריקן מיט די קליינע אינאיינעם האָבן זיך אָפּ־
געשטעלט... אָפּגעשטעלט זיך און געשטאַנען. קיין רויך פון די קוימענס
האָט נישט געשאָטן, די פייפעריי פון די קעסלען פלעגט נישט איבער־
רייסן די שטילקייט פון די אַרומיקע וועלדער...

שטיל אין שטאָט. יום־טוב און עפּעס אַ בייזקייט לויערט און
וואַרט אויף אין דער דאָזיקער שטילקייט...

נאָך די גרויסע פאַבריקן האָבן זיך אויך די קליינע אָפּגעשטעלט,
די געוועלבער זענען צו. קיינער אַרבעט נישט היינט און די בעל־
הבתים הערן זיך איין און וואונדערן זיך און קריצן מיט די ציין...

—אַן אַלגעמיינער שטרייק...

—נישט אומזיסט זינגען זיי די חברה־לייט:

„ווען דיין שטאַרקער אָרעם וויל,

„שטייען אַלע רעדער שטיל"...

גאַנצע מחנות אַרבעטער מיט מידע און יום־טובדיקע בליקן שפּאַ־
צירן אויף די טראָטואַרן.

איבער די גאַסן גייען גרויסע פּאַטרולן, קאָזאַקן רייטן אויף
פלינקע פערדלעך... מען לויערט, מען וואַרט, מען רעכט זיך אויף
עפּעס.

דאָ און דאָרט האָט שוין אַ בליץ געטאָן אַ רויטע פאָן און זינ־
גען האָט מען גענומען.

„אוראַ!" שרייט מען פון אַ צווייטער גאַס. די קאָזאַקן לויפן
אַהין. אַלע זייטיקע ווילן זיך באַהאַלטן, אַנטלויפן אין די טויערן אַריין.

און שטאָט גלאָנצט מיט די אויגן, שטאָט קוועטשט מיט די פלייצעס.

—הפקר־יינגען!

—משוגענע מענטשן!

—מיט וועמען הייבן זיי אָן, מיט די קאָזאַקן?

מען האָט זיי פיינט געהאַט, די חברה־לייט אין שטאָט, ווייל די שטרייקן האָבן געבדאַכט אַלע צרות, מען האָט זיי פיינט, ווייל זיי האָבן גערייצט די פּאָליציי, און דאָך איז ביי יעדערן געווען אַ גרויסער דרך־ארץ פאַר זיי.

—אַז מענטשן קריכן אין פייער...

—שדים, נישט קיין מענטשן...

אינמיטן העלן טאָג האָט זיך איינמאָל באַוויזן אויפן הויכן ראַטוש אַ רויטע פאָן און עס האָט מיט אַזאַ העזה געפלאַטערט, געוויטלט אויף אַלע פיר זייטן פון מיין שטאָט.

ווער האָט עס געטאָן?

ווי אַזוי איז די פאָן געקומען אויפן שפּיץ פון ראַטוש. פּאָליציי האָט די פאָן אַראָפּגענומען, נאָר וויפיל מען האָט נישט געפאָרשט—געפונען דעם שולדיקן האָט מען נישט.

די בעל־הבתים האָבן זיך געדעדט, אַז פאַר די „שדים”, פאַר די „היינטיקע” איז קיין זאַך נישט שווער.

ווער ווייס?

זיי וועלן אפשר דעם קייזער אויך אַראָפּוואַרפן, ווער ווייסט?

מען האָט אונז אין אַלץ באַכגעגעבן.

נאָר עס זענען אויך געווען אייזערנע בעל־הבתים, עקשנים, מיט וועלכע עס איז אויסגעקומען ביטער צו קעמפן.

איינער פון אַזעלכע עקשנים, בנימין דור האָט זיך איינגעשפּאַרט און האָט געשוואוירן, אַז ער וועט נישט באַכגעבן:

—זאָל מען מיך אויף שטיקלעך צושניידן...

—זאָלן זיי טאָן וואָס זיי ווילן...

האָט די אָרגאַניזאַציע מיך געשיקט צו אים, בין איך געגאַנגען. דער בנימין דוד האָט מיך גאַנץ פיין גענומען אונטערן אָרעם און אַרויסגעפירט אויף דעם באַלקאָן פון זיין הויז.

—דו זעסט אַ הימל?
—איך זע.
—דו זעסט אַ ערד?
—איך זע..
—און ווי רעכנסטו,—ער האָט צו אַלעמען גערעט אויף „דו"
—דער הימל קאָן קומען צו דר'ערד?
—ניין!
—נו, ווען דער הימל וועט קומען צו דר'ערד, וועל איך אייך נאָכגעבן.

דער סכסוך מיט אָט דעם בעל־הבית איז געווען נישט קיין גרויסער, נאָר די אַמביציע איז ביי אונז געווען זייער שטאַרק... סטייטש? די אָרגאַניזאַציע זאָל פאַרשפּילן, און מען האָט אָנגעווענדט אַלע מיטלען, ביי דעם בנימין דור האָט מען צוגענומען פון שטוב די דינסט, דעם הויז־וועכטער. זיין פאַבריק איז געשטאַנען אָן אַרבעט וואָכנלאַנג, מען האָט זיך בעטשעפּעט צו זיינע קרובים, צו זיינע קינדער אין גימנאַזיע...

ער איז געבליבן אייזן־שטאַרק.

האָבן מיר גענומען טראַכטן פון טעראָר.

אָבער אונזער אָרגאַניזאַציע איז געווען געגן טעראָר... האָט איינמאָל אַ חבר זיך געלאָזן צו אים מיט אַ צובראָכענעם רעוואָלווער. דאָס איז געווען אַ מין קאָמפּראָמיס מיט אונזער געוויסן: שיסן טאָרן מיר נישט, אָבער סטראַשען אַזאַ איינגעשפּאַרטן עקשן מיט אַ צעבראָכענעם רעוואָלווער—דאָס איז נישט קיין גוואַלד. דאָס מעג מען...

אַזוי האָבן עטלעכע חברים צווישן זיך באַשלאָסן.

און בנימין דור, די שטאַרקסטע פעסטונג פון מיין שטאָט, ער האָט נאָכגעגעבן

ער האָט צוריק צוגענומען די פאַרשטרייקטע אַרבעטער, האָט זיי געהעכערט דעם פאַרדינסט און באַצאָלט פאַר דער צייט פון שטרייק.

געצאָלט האָט ער מיט זילבערנע קלינגענדיקע רובלס און ביי יעדן רובל האָט ער זיך געדונגען.—אים איז אויך געגאַנגען אין אַמביציע—טאָמער וועט ער כאָטש עפּעס געווינען. עס האָט זיך אים נישט איינגעגעבן: די אָרגאַניזאַציע האָט אַלץ אויסגעפירט.

דער דאָזיקער זיג האָט געשפּילט אַ גרעסערע ראָל, ווי אַ סך אַנדערע גרעסערע שטרייקן מיט טויזנטער אַרבעטער. מיט זעגען ביי זיך נאָך פעסטער געוואָרן.

צו אונז האָט מען אָנגעהויבן גיין פון אַלע זייטן. דערזעלבער בנימין דור האָב אַמאָל געשיקט רופן אונזער חבר.

ער האָט אַן עסק: איינער אַ פאַבריקאַנט וויל אים נישט באַצאָלן אַ סומע געלט.

דעריבער לייגט ער פאָר, אַז אונזער אָרגאַניזאַציע זאָל זיך אריינמישן אין דעם ענין...

—אַז איר האָט אַזאַ כּוח...

—און איר וועט דערביי גוט פאַרדינען.

אַ פּאָר גרויסע אויגן האָט ער געעפנט, ווען אונזער חבר האָט אים אויסגעלאַכט.

הערסט, אַזאַ טייערער ענין, עס איז געגוג, אַז אונזערע זאָלן איין פּיפּס טאָן, און די זאַך איז געוואונען...

מען קאָן פאַרדינען געלט און חברה ענטזאָגט זיך.

אַ מאָדנע וועלט! מענטשן האָבן אַזאַ קראַפט, פּאָליציי אַליין האָט מורא פאַר זיי, קאָנען אַלץ אויספירן און זאָגן זיך אָפּ.

בנימין דור איז געוואָרן איבערראַשט.

און נישט ער אַליין: עס האָבן זיך צו אונז געווענדעט מענער, מען זאָל זיי גטן מיט זייערע פרויען, כּלות האָבן זיך באַקלאָגט אויף זייערע חתנים און, ווען מיר פלעגן זיך אָפּזאָגן פון אַזעלכע דעליקאַטע ענינים, האָט מען געגלאָצט מיט די אויגן.

—סטייטש, איר קאָנט דאָך אַלץ.

—און מיר ווילן דען פאַר אומזיסט?

נישט אַלע מאָל פלעגן מיר זיי אויסלאַכן, עס איז אויסגעקומען פּשוט צו פאַריאָגן.

נאָך אַ גאַנצן טאָג אַרבעטן און אַרומשלעפן זיך אין שרעק און אין געפאַר, פלעגט מען לויפן אין אָוונט ערגעץ זיך אָפּרוען. אַ סך מאָל צו די בורזשואַזע חברים. דאָרט איז געווען ליכטיקער און וואַרעמער.

אַ סך מאָל פלעגט מען טאַקע פאַרגעסן דעם גאַנצן טאָג מיט

די שטרייקן, אין שטילן צוונט פלעגט עס אַלץ צעשוואומען ווערן, אַ בליק פון אַ שיינער שכנטע פלעגט רייצן און איבעראַנדערשן די נשמה; לאַכסט, וויצלסט זיך, זינגסט.

מיט אַמאָל פאַלט דיר איין אַ געדאַנק: צי מעג אַ קעמפער אַזוי פיל לאַכן און זינגען? אין די תפיסות ליגן אַזויפיל חברים, אין די פאַבריקן שמאַכטן אַזויפיל אַרבעטער און דו זיצסט דאָ ביים בורזשואַזן חבר אויף אַ ווייכער קאַנאַפע, קוקסט אויף שיינע בילדער און טרינקסט טיי מיט קאָנפיטורן.

נישט איינמאָל פלעגן מיר וועגן אָט דער דאָזיקער פראַגע דיסקוטירן. עס זענען געווען ביי אונז אין דער אָרגאַניזאַציע אַזעלכע חברים, וועלכע פלעגן צו די „בירזשעס" נישט גיין און אונז פלעגן זיי שטראָפן מיט חוזק־בליקן דערפאַר, וואָס מיר זענען יאָ געגאַנגען...

—ווילט איר פאַרברייגגען, קומט אין די אָרעמע קוואַרטאַלן, קומט צו אברהמ'לען דעם גאַרבער, קומט צו בערל דעם דרוקער, צו הערשל דעם בעקער, דאָרטן איז טאַקע ענג, אָבער דערפאַר פילט מען זיך דאָרטן בעסער, אָרנטלעכער, ריינער...

אפשר זענען יענע גערעכט געווען, נאָר אַ סך פעדעם האָבן מיך געבונדן מיט די דאָזיקע הייזער, וואו עס איז געווען ליכטיקער און פריילעכער, וואו לינע אַבראַמזאָן איז געווען אַן אייגענער מענטש.

דאָך דער קאָמפּראָמיס־פלאַץ, דער מיטל־פונקט, וואו אַלע פלעגן זיך פילן גוט, איז אַלץ געבליבן באַשעס צימערל:

קום איך צוגיין, לויפט מיר באַלד באַשע אַנטקעגן:

—לינע איז געווען, לינע וועט באַלד קומען.

קום איך צו אַנדערע באַקאַנטע, איז אויך דאָס זעלבע: „לינע און לינע".

און זי פלעגט קומען און מאַכן אַלעמען פריילעך מיט אירע ברייט־געעפנטע אויגן. איך בין נאָך אַלץ געווען שטאַרק פאַרנומען און איך האָב אַליין נישט באַמערקט, ווי איך האָב גענומען גנבענען צייט ביי זיך אַליין, אויסמיידן אַמאָל אַ פערזאַמלונג, אַ זיצונג, כדי זיך צו זען מער מיט לינען, אָבער איך האָב זיך אויך געסטאַרעט אַריינצוציען לינען מער אין דער אַרבעט, זי זאָל מיר ווערן נענטער, צוגעבונדענער און געמיינזאַמער. איך האָב זי באַקאַנט מיט אַ גרופּע

מיידלעך פון יאַנאָווסקעס טאַבאַק־פאַבריק און אַלעמען איז זי געפעלן געוואָרן, זי האָט געהאַט אַ סך לעבנס־לוסט אין זיך.

זי פלעגט שוין אָן מיר אויך קומען אויף די פאַרזאַמלונגען. זי האָט שוין געהאַט אירע קרייזלעך און ענינים אין דער באַוועגונג, נאָר דאָס לעבן האָט געראַשט אין איר, ווי אַ פערשטיקטער פייער.

איינמאָל, געדענק איך, אויף אַ „וועטשערינקע״ אין אַרבעטער־קוואַרטאַל האָט זי זיך פונאַנדערגעזונגען, איז אַרויפגעשפרונגען אויפן טיש, גענומען טאַנצן אַ קאָמאַרינסקע, אַ קליין ביסעלע שנאַפּס האָט אַ סך אויפגעטאָן מיט איר.

זי האָט געטאַנצט און אַלע האָבן מיטגעזונגען. איך האָב דערזען, ווי אַלע מענערישע אויגן קוקן אויף איר...

און אַן אייפערזוכט האָט זיך אין מיר אויפגעכאַפּט, איך האָב דערפילט, אַז איך בין שוין שטאַרק צוגעבונדן צו אָט דער מיידל... צו קיינעם זאָל זי נישט שמייכלען, אַזוי ווי צו מיר. צו מיר אַליין זאָל זי לאַכן...

מיינע...

זי האָט געוואָרפן אַ בליק צו מיר און אָנגערופן מיין נאָמען, הויך אויפן קול האָט זי מיך געלויבט און געפאָדערט אַ קוש...

זי האָט אירס באַקומען, נאָר דערנאָך, ווען זי איז מיט מיר אַהיים אַוועק, זענען מיר געוואָרן פרעמד אויף דער גאַס. נישט אַזוי פרעמד, ווי דערווייטערט... פון פריילעכן אָוונט האָבן מיר נישט גערעדט, נאָר געזוכט זייטיקע טעמעס...

די יידענע, ביי וועלכער מיר האָבן איינגעאָרדנט די „וועטשערינקע״, האָט געמיינט, אַז דער וואורשט, וואָס מיר האָבן געגעסן, איז כשר, און זי האָט אַליין צוגעביסן... אַ יידענע אין אַ שייטל—מיר האָבן זי נישט געטאָרט נאַרן...

—אודאי נישט...

איך דערלאַנג אַ קוק אויף לינען, אירע אויגן לאַכן, זי מאַכט שפּאַס פון מיר, פון זיך אַליין, וואָס מיר זוכן אַזעלכע טעמעס... נו יאָ, די יידענע האָט געגעסן טרפה וואורשט, איז וואָס? דעריבער טאָר מען זיך נישט קושן און דערצו נאָך אויף אַ פוסטער גאַס, ביינאַכט, ווען קיינער זעט נישט...

דער געבויגענער לאַמטערן, וואָס איז געשטאַנען און געקוקט אויף אונז, די פּלוצלונג אַ שפּרונג געטאָן, זיך אויסגעגלייכט און ווידער זיך איינגעבויגן. די ווייסע פאַרשנייטע הייזער מיטן הימל אינאיינעם האָבן זיך געלאָזן טאַנצן... און וואָס ביי אונז אין די הער־צער האָט זיך געטאָן... דאָס געדיינקט בלויז די צוויזגביקיעריקייט, די צייטיקייט פון גוף און נשמה...

אַ גליק, וואָס די גאַס איז ליידיק געווען, וואָס קיין חבר האָט אונז נישט באַגלייט—מיר האָבן זיך ביידע די ליפּן צעביסן...

דערנאָך האָבן מיר געפונען אויפן גאַס אַ שטיק גליטש, וואָס די קינדער האָבן בייטאָג אויסגעשליפן, האָבן מיר זיך געלאָזן גליטשן און שטיפן.

נאָר יעדע רגע האָב איך געוואָרפן אַ בליק, צי קיינער פון אונזערע חברים קומט נישט—זאָל גאָט אויסהיטן! מען וואָלט פון אונז געלאַכט פאַר אַזעלכע נאַרישקייטן...

ווען מיר זיינען שפּעטער געגאַנגען אויף די ווייטערע גאַסן, איז אונז אַנטקעגנגעקומען נח'קע מיט נאָך איינעם אַ בערדיקן מאַן...

עס האָט מיר אַ קלאַפּ געטאָן אין האַרצן:

ווער ווייסט, מיט וועמען נח'קע גייט?

—ווער ווייסט וועלכע סודות זיי ווייסן ביידע?

—וואָס דאָ גרייט זיך אין שטאָט און אין גאַנץ רוסלאַנד?

נח'קע האָט געוואוסט מער פאַר מיר—ער האָט אַלץ געוואוסט און ווער ווייסט, ווען נישט לינע, וואָלט איך שוין היינט געווען אַ גאַנצער יחסן, אַזאַ געהיימער און גרויסער מענטש, ווי נח'קע און ווי אַנדערע אַזעלכע... פאַר מיר פאַרטרויט מען נישט אַלץ, קיין וויכטי־קע אַרבעט גיט מען מיר נישט, ווייל איך האָב זיך פאַרדרייט דעם קאָפּ מיט אַ מיידל.

און לינע האָט אַזוי ווי פאַרשטאַנען מיינע געדאַנקען און מיין שווייגן און זי האָט גענומען אָפּלאַכן פון דער „מאַלפּע", זי האָט נישט געשאַנעוועט די אַנדערע חברים און די גאַנצע אָרגאַניזאַציע האָט זי באַליידיקט...

ענטפערן האָב איך נישט געוואָלט, נאָר עס איז מיר געוואָרן ביטער אויף דער נשמה: מאַדנע זיך פאַרפלאַנטערט... האַ!

פלוצלונג האָט זי גענומען האַסטיקער שפּרייזן און עטלעכע מאָל אַ לאַך געטאָן אויפן קול...

— וואָס לאַכסטו? וואָס לויפסטו?

— גיי צו נח׳קען, גיי צו דיינע חברים!... און זי האָט מיך אַליין געלאָזן אויף דער גאַס. נאָכלויפן האָב איך נישט געוואָלט.

ווי האָט זי געזאָגט: „גיי צו דיינע חברים!" „צו דיינע חברים" הייסט עס, אַז מיינע חברים זענען נישט אירע חברים. אַזוי האָב איך געטראַכט און עס איז מיר געווען גאַנץ ביטער אויף דער נשמה:

„דאָס בורזשויסקע בלוט האָט זיך אין איר צעשפּילט".

„דעם וואָלף ציט אין וואַלד אַריין".

„זי וועט נאָך אַוועק צו אירע טאַטע-מאַמע".

איך בין אַזוי געגאַנגען איבער די גאַסן, ביז איך בין צוגע-קומען צו באַשעס טיר. די פאַרשלאָפענע בעל-הביתטע האָט מיר געעפנט. איך האָב אויפגעמאַכט די טיר פון באַשעס צימערל מיט אַ מעסערל, באַשע האָט נישט געהערט, זי איז געשלאָפן. בין איך גע-בליבן זיצן אויף אַ שטול, געוואַרט דעם פאַרטאָג, געוואַרט, אַז באַשע זאָל זיך אויפכאַפּן, איך האָב געוואָלט דערציילן, וואָס אין דעם אָוונט איז פאָרגעקומען.

און שפּעטער האָבן מיר גערעדט.

באַשע האָט געזאָגט:

— אַ פּרוי איז ווי אַ בלום, מען מוז אויף דעם שטאַרק אַכטונג געבן, נישט פאַרלאָזן.

— און די אָרגאַניזאַציע, די אַרבעט?

— וואָס ווילסטו, זי איז דאָך שוין אַ גאַנצע טוערין, זי לערנט דאָך מיט גאַנצע קרייזלעך... עס וועט אַלץ זיין גוט... וועסט זען!

און בעת באַשע פלעגט זאָגן, אַז אַלץ וועט זיין גוט, פלעגט ווערן אַזוי היימלעך אויף דער נשמה. עס האָט זיך געגלויבט...

און שוין דעם זעלבן טאָג איז באַשע געלאָפן צו לינען, גע-לאָפן אָן מיין וויסן זי אויסשטראָפן, וואָס זי בריקעוועט אַזוי...

און עטלעכע שעה האָבן זיי מיך געזוכט, ביז זיי האָבן מיך אויסגעפונען.

— עס זאָל זיין „חבר" עס זאָל זיין שלום...

באַשע האָט אַזוי באַפוילן און איך האָב זיך אָפּגעגנבעט פון דער אַרבעט, אַוועקגעגאַנגען מיט זיי שפּאַצירן.

אונטערן אַלטן פּאַלאַץ, וואו דער שניי איז געלעגן אומגעריררט און אַ גראָמאַדע שוואַרצע, נאַקעטע ביימער האָבן פאַרשלייערט דעם שלאָס מיט אַ גאַנץ שטיק וועלט...

קראָען... הונדערטער קראָען האָבן געקראַקעט און געשריען, אַז די וועלט איז אַלט, אַלט...

און איך האָב דאָ אַרומגעשפּאַצירט מיט צוויי פרויען. איינע, וועלכע האָט זיך פון אַלץ ענטזאַגט, און די צווייטע, וואָס האָט אַלץ געוואָלט... בלויז צופעליק איז זי אַנטלאָפן פון רייכקייט און וואַרעמקייט, זי האָט אָבער אירע אַלטע געוואוינהייטן נישט פאַרגעסן און עס וועט זיין אַ קאַמף מיט איר...

פריער צי שפּעטער—מיר וועלן זיך ראַנגלען ביז איינער פון אונז וועט זיגן.

דערוויל...

דערוויל כאַפּט ליבע הייפנס שניי און וואַרפט אויף מיר, אויף באַשען און לאַכט אויפן קול...

איר קלינגענדיקער געלעכטער מישט זיך אויס מיט דעם קראַקען פון די קראָען...

ט

# תּפֿיסה...

אין איין זאַך האָט מיך געגליקט: איך בין לאַנג נישט אַרעס־טירט געוואָרן און איך האָב נאָך נישט געוואוסט דעם טעם פֿון טור־מע: דאָס איז געווען אַ געוויינלעכע צופֿעליקייט, מען האָט מיך שוין געזוכט ביי מיין טאַטן אין שטוב, מען האָט מיך געזוכט ביי ליבען, נאָר די זשאַנדאַרמען זענען שטענדיק אַוועק מיטן לעדיקן.

און איך האָב אָנגעהויבן לעבן, ווי אַ פֿאַריאָגטע חיה, איין נאַכט דאָ גענעכטיקט, די צווייטע—אין אַן אַנדער אָרט. איך בין געגאַנגען אין נח׳קעס דרכים. זיך געוואַלגערט ביינאַכט אין בית־המדרש, גע־נעכטיקט ביי אַ בעקער, אָדער גלאַט אַזוי זיך געשפּרייזט פֿון גאַס צו גאַס און געציילט די טעמפּע קלעפּ פֿון שטאָט־זייגער.

און אַ סך מאָל האָט זיך אויסגעדוכט, אַז אַזאַ נאַכט האָט קיין סוף נישט, דער חושך וועט שוין קיינמאָל נישט אַוועק.

איבערהויפּט האָב איך ליב געהאַט צו נעכטיקן ביי די בעקערס: דאָרט, וואו דער רויך פֿון פֿרישן ברויט רייצט די נאָזלעכער און דער סאַפּנאָוווער האָלץ קנאַקט אין אויוון.

די גרילן צעוואַרעמען זיך און נעמען נאָכאַנאַנד גרילצן מיט הונדערטער עגבויערס, נאָר אַלץ איז דיר אָנגענעם, ווייל דו ביזט אַ פֿאַריאָגטער נאַכט־בראָדיאַגע און דאַנקסט גאָט, וואָס דו פֿרירסט ניט אויפֿן גאַס... און אַמאָל טאַקע, ווען איך טרעף אין אַ בעקעריי אַ באַקאַנטן, אַ חבר־געזעלן, פֿלעגט ער געבן אַ שטיקל פֿלאַץ אונטערן אויוון און איך פֿלעג זיך גאַנץ געשמאַק אויסשלאָפֿן...

און אין דער פֿרי... דורך די הינטערגעסלעך—צוריק אין די פֿאַבריקן, אין די ווערקשטאַטן. גערעדט מיט די אַרבעטער, מיט אַלע צוזאַמען און מיט יעדן באַזונדער. גערעדט מיט פֿאַבריקאַנטן, מיט די קרעמערס, מיט די פּריקאַזשציקעס. געסטראַשעט דעם און יענעם, מיט

איינעם זיך געקריגט, מיטן צווייטן ליקווידירט דעם סכסוך... דרך־ארץ!

איר ווייסט דען פון וואַנען און פון וועמען איך קום? ביי אונז אויף דער זיצונג איז נעכטן געווען אַ מיטגליד פון צענטראַלן קאָמי־טעט און מיר האָבן אָנגענומען וויכטיקע באַשלוסן. איך ווייס זיי די באַשלוסן און נח׳קע ווייס זיי אויך... פּרובט נישט פאָלגן—מיר וועלן זיך פאַרמעסטן מיט אייך, מיט אַלעמען.

איבער איין טאָג פלעג איך אַזוי דורכטאַנצן איבער דער גאַנצער שטאָט: אין אַ זייף־פאַבריק געווען, אין אַ וואורשט־פאַבריק, אין שפּעט־הויז, אין אַ פאַרבערײַ, אין דריי אַפּרעטורן, ביי עטלעכע לײַן־קעס־ניקעס און אומעטום געטומלט, זיך געשושקעט מיט די אַרבעטער. געשריען אויף די בעל־הבתים...

און ערשט אין אָוונט זיך דערמאָנט, אַז איך האָב נאָך הײַנט קיין ביסן אין מויל נישט גענומען...

לויפט מען אַריין צו זלאַטען דער שיינקערקע. דאָרט קומען זיך צענויף די גאַרבער־יונגען „אויף אַ גענזל מיט אַ גלעזל ביר".

די זלאַטע פלעגט פּרעגלען גענז, האָט מען זי דערפאַר געמעגט אין קייזערס הויף אַריין נעמען און אַליין פלעגט זי אַלץ פעטער און דיקער ווערן. חברה וויצלט זיך:

—זלאַטע, מען קאָן אייך שוין פּרעגלען.

—צען פּוד שמאַלץ, ווי איך בין אַ יוד.

און זי פלעגט נישט בלייבן שולדיק:

—וואָס קוקסטו אויף מיר, קלעטער אַרויף אויפן שטאָט־זייגער און וואַרף זיך מיטן קאָפּ אַראָפּ.

נאָך איין געריכט פלעגט זלאַטע מאַכן. דאָס האָט געהייסן „אול־ניק". באַשטאַנען איז דער געריכט פון געריבענע קאַרטאָפל, דורכ־געוואָרפן מיט גריבענעס און געפּרעגלט, גוט איינגעפּרעגלט אויף גענזן־שמאַלץ.

דאָס איז געווען דער פּאַטריאָטישער מאכל פון אונזער שטאָט, און זלאַטע איז געווען דער ווירטואָז אין דעם...

בעת אַזאַ „אולניק" פלעגט מען צרויסנעמען פון אויוון, האָט

אויף דער גאַנצער גאַס געשמעקט און מענטשן פלעגן שיכור ווערן פון ריח:

—זלאַטע פרעגלט שוין „אולניק"...

און מען פלעגט איילן צו זלאַטען, ביי איר איז שטענדיק געווען פול.

די גאַרבער־יונגען זענען טאַקע געווען איבערגעגעבענע קעמפער, נאָר אָפּעסן האָבן זיי נישט פיינט געהאַט, אַפּעטיט האָבן זיי געהאַט און געלט האָבן זיי פאַרדינט מיט ביידע הענט...

איך בין דאָרט געווען אַ שטענדיקער גאַסט און געפילט האָב איך זיך צווישן דעם דאָרטיקן עולם, ווי ביי זיך אין דער היים.

נאָר איינמאָל האָב איך מיטגענומען אַהין לינען...

און זי האָט אַזוי איידל געגומען איינציען די ריחות פון שיינקל, זי האָט זיך פאַרקרימט: די געזעלשאַפט מיט דעם „אולניק" האָבן ביי איר נישט אויסגענומען.

און דעמאָלט האָב איך דערפילט, אַז צווישן אונזביידן איז פאַראַן אַ צוימעלע. א מענטש, וואָס האָט נישט ליב קיין „אולניק". איך האָב זי דאַן ערנסט געבעטן, זי זאָל אַוועקוואַרפן די בורזשואַזע שטיק.

אויב זי טראַכט דורכצוגיין דאָס לעבן מיט אַ פּלעשעלע פּערפום, איז זייער טרויעריק.

פאַר כעס האָב איך אויסגעטרונקען עטלעכע איבעריקע גלאָז ביר און צוגעביסן דריי פאַרציעס „אולניק".

שפּעטער האָב איך זיך געכאַפּט, אַז זי איז גאָרנישט אַזוי שולדיק, זי איז דאָך אַזוי דערצויגן געוואָרן און איך האָב געמילדערט מיין כעס און נאָך געבעטן ביי איר מחילה...

און אויף מאָרגן — ווידער אַריין אין דער אַרבעט.

איך בין געוואָרן פאַרזיכטיק. איך געדיינק גאַנץ גוט, אַז איך האָב זיך געשאַנעוועט פון אַ סכנה. נישט צוליב זיך, נישט צוליב מיין פעל, נאָר דער עיקר איז געווען: בלייבן גאַנץ פאַר דער אָרגאַניזאַציע, פאַר דער אַרבעט.

און דאָך האָט מיר אַ סך מאָל פאַרדראָסן, וואָס איך בין שוין אַ ביסל נישט געזעסן, עס איז מיר פראָסט געווען אַ חרפּה פאַר מיינע

חברים, וועלכע זענען שוין אַלע דורכגעגאַנגען דורך פאַרשידענע תפיסות, וועלכע האָבן שוין באַקומען קלעפּ פון קאַזאַצקע נאַהאַיקעס.

צו מיר פלעגט מען זיך ווענדן:

— האָסט נאָך אַלץ קיין פּולווער נישט געשמעקט:

און, אומשטיינס געזאָגט, וואָס פאַר אַ סאָלדאַט איז מען, אַז מען שמעקט קיין פּולווער נישט.

די תפיסה האָט מיר פּראָסט געפעלט צום גאַנצן רומעל, כאָטש נעם און גיי און גיב זיך אַליין איבער אין די הענט פון די זשאַנדאַרמען.

קיין נוצן וועט דאָס קיינעם נישט ברענגען און צוליב אייגן. ליבע האָב איך דאָס נישט געטאָן. עס וואָלט געווען אַ זינד און אַ משוגעת אינאיינעם, נאָר סוף גנב לתליה...

שפּעט ביינאַכט, ווינטער איז דאָס געווען, בין איך געלאָפן פון אַ פאַרזאַמלונג צו לינען, צו איר קליין חדרל, וועלכעס האָט מיר דאַן אויסגעזען ווי אַ גן־עדן. מיר האָבן עס צוגעפּוצט מיט בילדלעך, מיט אַ קליינעם טעפּעכל. ביי איר אויפן טישל זענען געשטאַנען צוויי פאָטאָגראַפיעס אין פיינע רעמלעך.

צוויי פאָטאָגראַפיעס — איך און זי. און וויפל בין איך איר דאַנקבאַר געווען דערפאַר וואָס זי האָט נעבן איר בילד אַוועקגעשטעלט מיין בילד. הייסט עס, אַז איך בין איר דער נאָנטסטער, דער טייערסטער...

איך בין אַליין נישט זיכער געווען. איך בין געקומען פון אַ הויז, וואו דער בעל־הבתישער דלות האָט געהערשט. איך האָב זייער ווייניק פרייד געהאַט אין מיין יוגנט. און דאָ קומט אַזאַ שיינע — די שענסטע מיידל פון שטאָט און איך... איך פיר אַ ליבע מיט איר.

אַזוי זאָגן דאָך אַלע:

— זיי פירן אַ ליבע...

איך בין געלאָפן צו לינען און שוין געטראַכט פון די ווערטער, וואָס זי וועט מיר זאָגן ביים באַגעגענען.

איך האָב אויך געטראַכט פון די רואיקע שעהן, וואָס וועלן באַלד אָנקומען.

וויפל נעכט זענען מיר אַזוי אָפּגעזעסן ביז אין דער פרי צוויין

און גערעדט פון אַלצדינג אין דער וועלט און נישט דערעדט דעם עיקר...

איך האָב געוואוסט, אַז עס וועט אָנקומען די גליקלעכע שעה און זי וועט מיר ווערן נאָך נענטער, נאָר ביידע האָבן מיר עס או־מישנע אָפּגעצויגן, ווי קינדער האָבן מיר זיך פאַר עפּעס געשראָקן און לאַנגע־לאַנגע האַלבע שעהן זיך אָנגעקוקט מיט אַ שווייגן.

נישט דערגייענדיק צו איר הויז, האָט מיר עפּעס אַ סילועט פאַרצוימט דעם וועג:

—שטיי!

איך בין געבליבן שטיין און אַ ציטער געטאָן אינעווייניק. איך האָב באַלד אַלץ פאַרשטאַנען.

נעבן מיר איז געשטאַנען אַ נידעריקער מאַן, איין האַנט האָט ער געהאַלטן אין קעשענע און מיט דער צווייטער האָט ער מיך אָנ־גענומען פאַר מיין האַנט.

—איר זענט דער און דער?

—יאָ, האָב איך געענטפערט.

אין דעם האָט זיך צוגערוקט אַ צווייטע פיגור, דאָס איז געווען אַ פּאָליציאַנט.

—וואָס פאַרברייננגסטו דאָ מיט אים,—האָט ער געזאָגט צום ערשטן. פיר אים אין אוטשאַסטאָק.

דאַן זענען אַלע געווען העלדיש געשטימט, קיינער האָט נישט געוואָלט אַרויסווייזן קיין פּחדנות, נאָר מיך האָט אָנגעכאַפּט אזאַ ביינק־שאַפט צום קליינעם צימערל, וואו א מיידל, אַ בורזשוּאַזע מיידל, האָט מיך אָפּגעוואַרט. איך האָב זיך שיער נישט פונאַנדערגעוויינט פאַר די צוויי אורחים, וועלכע האָבן מיך געפירט.

און פונקט ווי זיי וואָלטן פאַרשטאַנען, וואָס איך לעב איצט איבער, האָט זיך איינער פון זיי צו מיר אָנגערופן:

מען וועט זיך נאָך דערקלויבן צו דיין טייבעלע אויך. וואַרט...

אַזוי, הייסט עס, ווייסן זיי פון לינען, זיי ווייסן, וואו זי לעבט, זי וועט נאָך האָבן צרות פון זיי. איך בין געגאַנגען און די ערד אונטער מיר האָט זיך געוויגט. געציילטע מענטשן זענען פאַרבייגע־גאַנגען, אַ קוק געטון אויף אונז און פאַרשוואונדן אין דער פינסטער־

ניש. מען האָט מיך דורכגעפירט אַ סך גאַסן, ביז מען האָט מיך גע־בראַכט אין דער פּאָליציי. אַ פאַרשלאָפענער דיזשורני האָט געפרעגט מיין נאָמען און צוגענומען אַלץ פון מיינע קעשענעס, נאָר די גאַנצע צייט, וואָס ער האָט מיט מיר זיך באַשעפטיקט, האָט ער די אויגן אויף מיר נישט אויפגעהויבן, עס האָט אים גאָרנישט אינטערעסירט, ווער עס שטייט פאַר אים.

אַן אַרעסטאַנט און גענוג!

און געוואָלט האָט זיך מיר דעמאָלט אויסשרייען צו אים:

—גיב אַ קוק אויף מיר. איך בין אַ הויכער בחור מיט שוואַרצע לאַנגע האָר, מיט אַ שוואַרצער בלוזע, אונטער וועלכער עס קלאַפּט אַ לעבעדיק האַרץ. גיב אַ קוק, שומר! און הער זיך איין. אַמאָל האָב איך זייער ליב געהאַט טויבן און היינט האָב איך ליב אַבראַמזאָנס טאָכטער...

דערפיל איך אַ שטויס אין אַ זייט:

—קום!

—סטופּאַי!

מען האָט מיך דורכגעפירט דורך אַ פינסטערן קאָרידאָר און דערנאָך דורך אַ פינסטערן הויף, אַ שליסל האָט גענומען סקריפּען און נאָך אַ שליסל:

—אַריין!

עמיץ האָט מיר נאָכאַמאָל אַ גאַנץ אַיידעלן שטויס געטאָן און די טיר האָט זיך אונטער מיר פאַרמאַכט.

איך בין געבליבן שטיין ביי דער טיר אינעווייניק. אַ שרעקלע־כע לופט האָט מיך אַ שטיק געטון, איך האָב געמיינט, אַז באַלד, באַלד פאַל איך אין אָנמאַכט. איך האָב געהערט, ווי מענטשן כראָפּען און אָטעמען שווער אין שלאָף, נאָר געזען האָב איך קיינעם נישט.

— ווער איז געקומען? האָט זיך פּלוצלונג אַ גראָבע שטים אָנגע־רופן אין דער פינסטערניש.

איך האָב געשוויגן.

דאַן האָט זיך צו מיר צוגערוקט אַ פיגור און האָט אָנגעצונדן אַ שוועבעלע.

— פון וואַנען געקומען? ווער ביזטו? אַ פּאָליטישער... עך, יאָלד!

האָט ער האַלב־שלאָפנדיק גערעדט, ווי צו קיינעם נישט. וואָס קריכט איר, יאָלדן, אין פייער? וואָס האָט איר פון דעם?

דערנאָך איז ווידער געוואָרן שטיל. איך האָב זיך דערשלעפּט צו דער קראַטע און געבליבן האַלב היינגען אויף איר ביז פאַרטאָג. איך האָב געקוקט אין די נאַכט אַריין, זי איז מיר געווען שרעקלעך, די דאָזיקע נאַכט, אויף אַלץ איז געהאָנגען די אייזערנע קראַטע. אויפן הימל, אויף די שטערן, אויף דעם קאַלטן־ווינטל, וואָס האָט זיך פון אַ צעבראָכענער שויב אַריינגעגנבעט צו מיר און אין מיין נשמה..

און ווער ווייס? אפשר וועל איך שוין אַזוי פאַרברענגען דאָ חדשים, יאָרן? עס קאָן מעגלעך זיין, אַז איך האָב געוויינט אין יענער נאַכט... איך געדיינק נישט.

נאָר איין זאַך געדיינק איך גענוי: פון וואָס איך האָב נישט גע־נומען טראַכטן, איז מיר אַלץ פאַר די אויגן דאָס ווייסע צימערל גע־קומען און אַ לאַכעדיקע פּאָר אויגן האָבן זיך אָנגעשטעלט אויף מיר און נישט אָפּגעטראָטן...

וואָס טראַכט זי איצט אין דער רגע? זי וואַכט אויף מיר, זי טראַכט אודאי, אַז איך האָב זיך פאַרהאַלטן אויף אַ וויכטיקער זיצונג און יעדער טריט אויפן גאַס דערמאָנט איר מיינע טריט. אָדער זי איז איינגעשלאָפן אין די קליידער אויף איר בעטל און די האָר אי־רע זענען צעפּאַלן געוואָרן.

עפּעס האָט אין מיר פּראָטעסטירט און געמוטיקט:

— ביזט דאָך אַ קעמפער און קאַמף פאָדערט קרבנות, היינט דו און מאָרגן אַ צווייטער.

דאָך גלייך פלעגט אָנלויפן אַ נייע פּאַליע ביינקשאַפט און דער־טרינקען די מוטיקע געדאַנקען.

אין דער פרי האָב איך געפונען אין דער זעלבער קאַמער אַ סך פון מיינע באַקאַנטע. איך בין געוואָרן אַ ביסל מונטערער, נאָר לופט האָט געפעלט, כאָטש דערשטיקט צו ווערן.

איך האָב גענומען טראַכטן, אַז אויב מען וועט מיך איצט אַרויס־לאָזן, וועל איך אַנטלויפן פון אַלעמען און פון אַלץ.

וואָס פאַר אַ גליק עס איז די פרייהייט: דו גייסט זיך אויפן גאַס, וואו דו ווילסט און ווען דו ווילסט, גייסט אין גאָרטן, צו באַ־

קאַנטע, לאַכסט, לעבסט, אָטעמסט מיט דער גאַנצער ברוסט...

צום ערשטן מאָל אין תּפֿיסה!

דאָס איז גאָר אַ באַזונדער געפֿיל, דאָס קאָנען נאָר פֿאַרשטיין די, וואָס האָבן עס אַליין דורכגעלעבט.

פֿילסט זיך דאַן, ווי אַ פֿויגל, פֿאַר וועלכער די גאַנצע וועלט איז געווען פֿריי, איבער וועלדער און טייכן, איבער שטעט און מויערן, וואו זי האָט געוואָלט, האָבן די פֿליגלען זי געטראָגן און מיטאַממאָל — אַ דראָטענער שטייגל... ווילסט ווערן קליין, ווי אַ פֿליגעלע און אַרויס־גנבענען זיך פֿון פֿענסטער, ווילסט גלויבן אין כּישוף, אין וואונדער, אין נסים — אַבי פּטור צו ווערן פֿון דער פֿלוצלינגער איינגעשאַפּט, נאָר די ווירקלעכקייט דערמאָנט דיר יעדע רגע, וואו דו ביזט.

ניין טריט האָט די קאַמער און ווען צוויי פֿון אונז ווילן זיך דורכשפּאַצירן, מוזן די איבעריקע זיצן אויף די נאַרעס, אַנדערש איז קיין פּלאַץ נישטאָ.

שלאָפֿן פֿלעגן פֿיל אונטער די נאַרעס און אַ טייל האָבן געמוזט שלאָפֿן זיצנדיקערהייט, ווייל אויסציען זיך אינגאַנצן האָט מען נישט געקאָנט. און לופֿט! די ברוסט האָט גענומען וויי־טאָן פֿון דעם שרעק־לעכן ריח אין אונזער קאַמער.

דערפֿאַר האָבן טאַקע אַלע געוואַרט, אַלע, אַפֿילו די, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין האָפֿנונג אַזוי גיך באַפֿרייט צו ווערן. יעדעס מאָל, ווען דער שליסל פֿלעגט אָנהויבן סקריפּען אין דער טיר, פֿלעגן אַלע זיך אויפֿכאַפּן פֿון די ערטער:

— טאַמער, טאָמער רופֿט מען...

פֿון שטאָט, פֿון באַקאַנטע און פֿון דערהיים האָט מען מיר אָנ־געהויבן שיקן עסן און אָפּטמאָל אויך גוטע זאַכן: שאָקאָלאַד, פֿרוכט, נאָר וויפֿיל מאָל פֿלעגט זיך דער ביסן שטעלן אין מויל — די בייענק־שאַפֿט האָט געשטיקט ביז טרערן.

דאָ, אין דער תּפֿיסה איז זייער לייכט צו דערקענען דעם מענטש. די מעגלעכקייטן ווערן קלענער, די אַלע פֿאַרלאַנגען גייען אַוועק אויף קלייניקייטן, אָדער אויף אַזעלכע זאַכן, וועלכע האָבן פֿריער אויסגע־זען, ווי קלייניקייטן. עס פֿלעגט זיך ביינאַכט אָנהויבן אַ סדרה פֿון פֿאַרכאַפּן אַ פּלאַץ, וואו צו שלאָפֿן. די שטאַרקערע פֿלעגן ברייטלען

ליגן אויף די נאַרעס, די שוואַכערע אונטער די נאַרעס און די שלימזלס—לעם טיר, לעם שמוציקן צעבער...

אין דער פרי, בעת אין האַלז איז ביטער און זויער פון דער נאַכט־לופט, האָט זיך יעדן געוואָלט אויסטרינקען טיי. דער דורשט איז געווען אַ שרעקלעכער, געווען זענען מיר אין אונזער קאַמער עט־לעכע און צוואַנציק מענטשן און געהאַט האָבן מיר אינגאַנצן צוויי גלעזער מיט אַ האַלבע פלאַש. און מיט די צוויי כלים האָבן מיר גע־לעבט וואָכן לאַנג.

עס הויבט זיך אָן אַזוי: מען ברענגט הייסע וואַסער, נאָר די גלעזער מיט דער צעבראָכענער פלאַש זענען נאָך פון נעכטן ביינאַכט דורך וועמען באַהאַלטן געוואָרן. טרינקען זיי, די, וועלכע האָבן די גלעזער באַהאַלטן, די ערשטע, און מיר, די איבעריקע, וואַרטן.

איז דאָס גלאָז ביי אַזעלכן, וואָס האָט אַ ביסל האַרץ און פאַר־שטייט אַ צווייטן—איז נאָך נשקשה: טרינקט ער אָפּ און גיט גלייך איבער אַ צווייטן.

פאַלט אָבער דאָס גלאָז אַריין צו אַזעלכן, וואָס איילט זיך נישט און טרינקט אַ טראָפּן נאָך אַ טראָפּן און סמאַקעוועט פון יעדן זופּ, דעמאָלט שטייען אַרום אים די איבעריקע מיט צאָרנדיקע אויגן, מיט פאַרביסענע ליפּן... און עס דאַכט זיך, אַז באַלד באַלד וועט קומען צו אַ געשלעג.

עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס פלעגן זיך טיילן מיטן לעצטן ביסן און געווען אַזעלכע, וואָס האָבן באַהאַלטן אַלץ. מ׳האָט זיי נישט ליב געהאַט, נאָר די תפיסה־עגאָאיסטן מאַכן זיך פון דעם נישט וויסנדיק.

—אַז איך וועל זיין אויף דער פריי, וועל איך זיך מיט דיר טיילן, דעמאָלט איז לייכט צו זיין אַ פיינער מאַן.

אַזוי פלעגן זיי אָפּט ענטפערן.

איינער איז געווען אַזאַ, ליאָוועקע האָט ער געהייסן, ער האָט באַקומען צען פּאָמעראַנצן, אַזעלכע פרישע שמעקעדיקע פּאָמעראַנצן, האָט ער זיך געזעצט פרעסן איינס נאָכן צווייטן און קיינעם קיין ברעקל נישט געגעבן...

האָבן זיך חברה גנבים אָפּגערעט און מען האָט ביי אים די

פּאָמעראַנצן די איבערגעבליבענע צוגענומען, האָט ער אָנגעהויבן שרייען, פּראָטעסטירן, זענען די פּאָמעראַנצן אַריינגעפלויגן אין צעבער...

ביים צווייטן איז געווען דיזעלבע געשיכטע מיט צוקערקעס.

ביים דריטן מיט קאָטלעטן...

אין אַ וואָך אַרום נאָך מיין אַרעסט האָט מען מיך גערופן אין קאַנצעלאַריע, געמיינט האָב איך, אַז דאָס הויבט זיך אָן מיין אויס־פאָרשונג.

נאָר אין דער קאַנצעלאַריע איז געשטאַנען אַ פרוי מיט פאַר־וויינטע אומעטיקע אויגן—מיין מוטער.

עס האָט אַ שטאַרקן דרוק געטאָן אין האַרצן, עס האָט מיך אַרומגעכאַפּט אַ שטראָם פון כּעס, פאַרביטערניש און רחמנות. איך האָב מיט מיין מאַמען אַ וואָרט נישט געקאָנט אַרויסרעדן און איך בין אַנט־לאָפן פון קאַנצעלאַריע.

דערנאָך האָט מען מיך אַריבערגעפירט פון פּאָליציי־אַרעסט אין טורמע. און די טורמע האָט אויסגעזען, ווי אַ גן־עדן אַנטקעגן „אַרעסט".

הויכע, גרויסע קאַמערן, אין יעדן קאַמער האָבן געקלונגען שטי־מען פון געזונטע פאַרעקשנטע מענטשן. אַ נייע וועלט מיט אייגענע געזעצן, מיט אַן אייגנאַרטיקע עטיק: ביי אַ „פּאָליטישן" האָט מען געמעגט צוגנבענען דאָס לעצטע שטיקל ברויט, אָבער ביי אַן אייגע־נעם: אַ גנב ביי אַ גנב האָט נישט געטאָרט גנבענען און אַזעלכער איז שטרייַנג באַשטראָפט געוואָרן פון זיינע חברים.

איך האָב דאָרט געפונען מענטשן, וועלכע האָבן שוין פאַרבראַכט אין תּפיסה יאָרן און זיי האָבן שוין נישט געבענקט נאָך דער פריי־הייט... ווער ווייס, אפשר וועל איך אויך דערגיין צו אַזאַ צושטאַנד...

אין טומל פון דעם קאַמער־לעבן האָב איך דערהערט מיין נאָ־מען: מען האָט מיך גערופן אונטן צום נאַטשאַלניק.

ווער איז?

לינע אַבראַמזאָן איז געקומען צו מיר אויף אַ זעהונג. אַרום זע־נען געשטאַנען אַ גאַנצע מחנה תּפיסה־שומרים, נאָר זיי האָבן זיך אַלע גאַנץ קאָרעקט געהאַלטן. די אָנוועזנהייט פון אַ פרוי האָט אַפילו די־דאָזיקע צערבערס געמילדערט.

זי האָט אימפּאָנירט מיט איר שיין פּנים, מיט איר פריילעכן

בליק און זיי האָבן אונז וועגן אַלץ געלאָזט ריידן.

ווען איך האָב זי דערזען, האָט עס אויף מיר געמאַכט אַן איינ־דרוק, אַז די ליכטיקע פרייהייט אַליין איז געקומען און באַלד וועל איך פון דעם קעסטל־לעבן אַרויסגיין... זי האָט מיר פאַרזיכערט, אַז עס ווערט אַ סך געטאָן, איך זאָל באַפרייט ווערן.

נאָך אַ קלייניקייט:

די ערלויבניש אויף דער זעאונג האָט זי באַקומען אַלס מיין כלה און זי האָט זיך מיט מיר געדרייצט און געלאַכט:

—דיין כלה, איך בין דאָך דיין כלה... בין איך כמעט טאַנצנ־דיק געגאַנגען צוריק אין קאַמער און צום ערשטן מאָל האָב איך אָפּגעגעסן אין תּפיסה מיט אַפּעטיט... און גענומען האָב איך אומגע־דולדיק וואַרטן און ציילן די טעג, די שעהען. דערווייל האָב איך געשפּילט מיט די אַרעסטאַנטן אין פאַרשידענע תּפיסה־שפּילן און גע־זונגען זייערע לידער.

דורך דער קראַטע האָבן מיר געזען, ווי דער שניי האָט גע־שאָטן און שוואַרצע קראָען האָבן געפלאַטערט אין דער נאָנטער און ווייטער פוסטקייט...

איך האָב שוין געהאַט מיינע חברים אין תּפיסה. מיט איינעם פון זיי האָב איך זיך באַקאָנט אין די ערשטע טעג פון מיין קומען אַהער.

באַגינען...

איך הויב אויף די אויגן, לויף צו צום פענסטער, צו די קראַטעס און שלינג אַריין אין דער נשמה אַ שטיק פראָסטיקע בלויקייט און אין דער זעלבער צייט ווער איך אַזוי אומרואיק, עפּעס האָט מיך דאָ איבערראַשט אין קאַמער...

עפּעס...

אַ ריח, אַן אומבאַקאַנטער ריח, וואָס דערמאָנט אַן אַנדער לעבן, אַנדערע טעג...

עס געדויערן עטלעכע סעקונדן ביז איך אָריענטיר זיך.

פּערפום. עס שמעקט לייכט. דער דופט ראַנגלט זיך מיט דער געשטיקטער לופט אין קאַמער. ראַנגלט זיך, קומט אָן ווי אַ צעשוואו־מענער ווינטעלע, קומט אָן און ווערט פאַרפאַלן.

דער ריח קאָן דאָ קיין קיום נישט האָבן: די לופט איז אַ געשטיקטע, אַ פאַרדעמפטע און באַלד וועט דער פּערפום זיך אויסוועבן, פאַרשוואונדן ווערן, ווי אַ ווייס פעדערל אין אַ פאַס שוואַרצע סמאָלע.

אָבער פון וואַנען קומט עס דאָ? צי דאָס איז בלויז אַן ערינערונג פאַר מיינע נאָזלעכער?

איך רייס אָפּ די אויגן פון פענסטער און נעם באַטראַכטן דעם קאַמער...

מיינע חברים שלאָפן נאָך. גליקלעכע מענטשן—אודאי חלומט זיך זיי די פרייהייט.

און מיט אַמאָל קומט ער ווידער דער ריח פון פריער, עס שמעקט אין מיין קאַמער, עס רייצט, עס דערמאָנט אַזוי פיל.

ווער איך נאָך מער אומרואיק און איבערראַשט, איך זעץ זיך אוועק אויף די נאַרעס און איך נעם זוכן דעם סוד פון מיין רעטעניש

איין פאָר פיס, צוויי פאָר פיס, דריי, פיר פאָר, פיר פאָר פיס און פיר קעפּ באַדאַרף דאָ זיין, מיר זענען דאָ זאַלבעפערט אין קאַמער.

נאָר בעת איך נעם ציילן, געפין איך מיט אַ פאָר פיס מער, ווי אַלעמאָל... הייסט עס, אַז ביינאַכט, בעת איך בין געשלאָפן, איז צוגעקומען אַ גאַסט און איך פאַרוואונדער זיך, וואָס איך בין אַזוי שטאַרק געשלאָפן און נישט געהערט, ווי דער גזלנישער שליסל האָט די טיר געעפנט.

כאַפט זיך אויף איינער פון מיינע חברים, מיר נעמען ריידן און מיר וועקן אויף די איבעריקע, נאָר דער נייער—דער גאַסט שלאָפט זאָרגלאָז און געשמאַק.

ווער איז ער?

און פון וואַנעט קומט דער אָנגענעמער ריח?

פון זיין קישעלע.

ער האָט מיט זיך מיטגעבראַכט אַ קאָלירט קישעלע פון היים, אַ פּערפומירט קישעלע.

עס געדויערט.

שפּעטער כאַפּט ער זיך אויף, גיט אַ קוק אויף אונז, שטעלט זיך אַוועק און ציט אויס געשמאַק די ביינער, פּונקט ווי ער וואָלט

אין אַ קאָרן־פעלד געשלאָפן, נישט אין דעם פאַרשאָלטענעם תּפיסה־קאַמער

מיר קוקן אים אָן.

אַ שײנער בחורל מיט גלאַטע בעקעלעך, נאָר די אויגן אַ ביסל קרומלעך, ווי בײ אַ ־רלמיק, וואָס גיבן צו זײן פּנים עקשנות און ווילדקײט.

יונג איז ער און זיבער־באַוועגלעך, פעסט געבויט און אפילו אויסגעקעכלט.

קוקט ער אויך אויף אונז און דערלאַנגט אַ שמײכלענדיקן גוט־מאָרגן.

עס ווערט באַלד פרײלעכער אין קאַמער, פּונקט ווי דער ליכ־טיקער טאָג האָט אים דאָ אַרײנגעשיקט.

און עס הויבן זיך אָן די געווײנלעכע פראַגן:

—פון וואַנעט?

—פאַרוואָס אַרעסטירט?

גיט ער זיך אַ קלאַפּ אין האַרצן און ענטפערט:

—איך בין אַן אַנאַרכיסט...

דווילט זיך לאַכן: אָט דער צאַריסטאָקראַטישער שניעק, וואָס קומט אין תּפיסה מיט אַ פּערפומירט קישעלע, אָט דער יאַט איז אַן אַנאַרכיסט.

אין האַרצן האָבן מיר דרך־ארץ פאַר די אַנאַרכיסטן, כאָטש מיר האָבן כּסדר געקעמפט מיט זײ. צווישן זײ זענען געווען ערנסטע מענטשן, פאַרביסענע יונגען. עפּעס אַ טויזנט־יעריקן צאָרן האָבן זײ געטראָגן אין זיך.

און די געהײמניס, וואָס האָט זיך געהילט אַרום זײ... דאָס האָט אַלץ געווירקט.

בײ זײ איז שטאַרבן — אַ קלײניקײט, עמיצן אויפרײסן מיט אַ באָמ־בע — אַ קלײניקײט.

און דאָ שטײט פאַר אונז אַ יונגל און קלאַפּט זיך אין האַרצן:

—איך בין אַן אַנאַרכיסט...

אין עטלעכע שעה שפּעטער האָבן מיר שוין געוואוסט, אַז דער דאָזיקער יאַט האָט אויף זיך אַ שווערן פּראָצעס: מען האָט בײ אים געפונען באָמבן...

עס האָט זיך אַזוי נישט געקלעפּט צו אים... דער געדאַנק וועגן קאַטאָרגע, וואָס אים ערוואַרט, עס האָט זיך אַלץ אויסגעדוכט, אַז באַלד וועט זיך די טיר עפענען און מען וועט אים מיט זיין שמע־קעדיקע קישעלע אַרויסלאָזן פון דאַנעט..

זאָל ער זיך גיין פלירטעווען מיט מיידלעך, זאָל ער זיך לער־נען טאַנצן...

נאָר די טיר האָט זיך נישט געעפנט, און דער בחור האָט זיך אויף קיין באַפרייאונג נישט געריכט.

זוּנט־צייט האָט שוין זיין קישעלע נישט געשמעקט און ער אַליין איז געוואָרן בלייכער, האָט אָנגעהויבן כסדר אַרומשפּרייזן אי־בערן קאַמער, אַזוי ווי יעדער אַרעסטאַנט. מיט מיר האָט ער זיך גע־נומען חברן. מיר האָבן גענומען אַרומריידן פאַרשידענע טעאָריעס פון קאַמף און געזעלשאַפטלעכע אָרדנונג.

ווען איך האָב דערמאָנט דאָס וואָרט „אָרדנונג", איז ער בייז געוואָרן.

—מענטשן דאַרפן זיין פריי, אינגאַנצן פריי.

—מענטשן בויען תפיסות, האָט זיך אָנגערופן איינער פון די חברים.

דער בחור האָט אַ קוק געטון אויף דער צוגעמאַכטער טיר, אויף די קראַטעס און האָט פאַרביסן די ליפּן.

און וואָס טונקעלער עס איז געוואָרן, אַלץ מער שווייגעניש האָט אונז אַרומגענומען, יענע שרעקלעכע שווייגעניש פון דער תפיסה אין די גרויע פאַרנאַכטן, בעת דאָס גאַנצע לעבן פון שטאָט הילכט אָפּ מיט אונטערערדישע טעמפּע קלעפּ. בעת איינער דעם צווייטן ווערט פאַרמיאוסט אין קאַמער און עס איז אייזנג דער קבר, אייזנג דער קבר...

און דו דערפילסט מיט שרעק, אַז דו לעבסט, אַז דאָס האַרץ טוט וויי...

עפּעס שטאַרבט דאָך אָפּ פון דער נשמה און פונם גוף. עפּעס שטאַרבט דאָך אָפּ—אַנדערש וואָלט מען דאָס נישט איבערגעלעבט.

מען צינדט אָן אַ לעמפּל און דער קבר ווערט אַ ביסל באַלויכטן.

דער קאָפּ ווערט פול מיט בליי. איין מעת־לעת ציט זיך אַזוי לאַנג און דאָ וואַרטן דיך אַזעלכע לאַנגע חדשים...

פרייהייט, אחדות, צוקונפט... אַט די אַלע טייערע לאָזונגען, וואוהין ווערן זיי פאַרשוואונדן אין אַזעלכע תפיסה־פאַרנאַכטן?

ראַנגלסט זיך מיט זיך אַליין: פאַרוואָס זאָל איך זיין אַזוי פאַר־שפאַרט, בעת אַנדערע געניסן אַלע פרייד פון דער פרייהייט.

און דאָך זיצט אין דיר אַ בעסערער געפיל, גיסט זיך אונטער דעם גורל און וואַרסט, ציילסט ווידער די שעהען...

די פרייהייט וועט קומען.

מיין אַנאַרכיסט—איך באַמערק, אַז אים פעלט עמיצער: אַ ברודער אַ טאַטע, אַ פריינט...

איך פאַרנעם מיינע אייגענע ווייטאָקן און איך רוק זיך צו אים צו...

איך ווייס: עס וועלן אַוועקגיין טעג און ער וועט זיך צוגעוויי־נען צו דער לאַגע, נאָר איצט מוז אים זייער שווער זיין.

רעד איך מיט אים און ביסלעכווייז דערגיי איך, ווי אַזוי אַזאַ בחור׳ל איז זיך געגאַנגען נעמען צו באָמבעס, „צו עקסען״.

ער איז געווען אַ בן־יחידל און אים האָט מען זייער ליב געהאַט אין דער היים, אויף די הענט האָט מען אים געטראָגן.

מען האָט אים אַזוי איינגעזונגען, אַז ער איז אַן איינציקער, אַז ער איז דער בעסטער, דער טייערסטער.

נאָר זיין פרינציפּ לעבן האָט זיך געענדיקט, ווען ער איז אַלט געווען צען יאָר. עס איז דאַן געבוירן געוואָרן נאָך אַ פרינצל און אַ טייל פון די עלטערנס ליבע האָט זיך איבערגעטראָגן אויף דעם צווייטן זון...

דאָס האָט אים דערלאַנגט דעם ערשטן שטויס.

ער איז געוואָרן אויס יחסן אין לעבן און דאָס האָט אים גע־קרענקט. אין יעדער קלייניקייט האָט ער דערזען אַן אומרעכט געגן זיך און ער האָט אָנגעהויבן אַלעמען צו טון להכעיס...

ער איז געוואָרן בייז, אויפגערעגט, געזוכט נקמה...

ביז ער האָט גענומען לייענען אַזעלכע ביכער, און די ביכער האָבן אים פאַרייניקט צו אַלע פאַרשקלאַפטע און באַליידיקטע.

ער איז אַוועקגעגאַנגען קעמפן און אויסגעקליבן דעם געפער־לעכסטן וועג.

—איך וועל שטאַרבן אין תּפיסה. די פּראַזע האָט ער. מיר עט־
לעכע מאָל אַריינגעוואָרפן אין די רייד.
—אָבער פאַר וועמען, צוליב וואָס, פאַך וועלכע אידייע?
—פאַר דעם פרייען מענטשן.
און איך האָב נישט געוואוסט וואָס צו טון מיט אים אין אַזוינ־
כע רגעס... אפשר אים אָפּשמייסן? אפשר אים לערנען?
דאָך זענען מיר געוואָרן פריינט, איינער פון צווייטן נישט אָפּ־
געטראָטן. איך האָב אים ליב געהאַט, נאָר עס איז אויך געווען אַ
צווייטער, וועלכער האָט מיך ליב באַקומען. אַ צווייטער חבר מיינער
אין תּפיסה, אַ גנב.
אין טורמע האָט ער געשפּילט די ערשטע פידל. אַן אַלצעניי־
ריקער קריסטלעכער יינגל, אַ פלינקער ווי אַ קאַץ, און דאָך אַ ביסל
צוריקגעהאַלטן, יעדן טריט באַטראַכט, אָפּגעמאָסטן שטענדיק זיינע איי־
גענע כּוחות און אויך דעם פרעמדנס און דערביי איז אָבער זיין
שפּרונג שטענדיק געווען אַן ענטשלאָסענער און אַ דרייסטער, צוריק
איז ער קיינמאָל נישט געגאַנגען.
זיין נאָמען איז געווען גריבעוויטש, נאָר די תּפיסה האָט איינ־
געפונען, אַז דאָס איז אַ צו שווערער נאָמען פאַר אַזאַ פלינקן און
שטאַרקן בחור, האָט מען אים זיין נאָמען פאַרקירצט אויף גרינטשוק
און אַזוי איז עס פאַרבליבן.
ער איז געווען אַ גנב. נאָר אַ גנב אַן אַריסטאָקראַט. מיט קיין
דראָבנע קעשענע־גנבות האָט ער זיך נישט פאַרנומען. ער האָט זיך
גלייך גענומען צו דאָס בעסטע: ברעכן קאַסעס. און נישט קוקנדיק
אויף זיין יוגנט, איז ער שוין געווען אַן אָנפירער פון אַ גאַנצער חברה
און איז זייער פּאָפּולער געווען אי ביי די גנבים, אי ביי דער קרי־
מינאַל־פּאָליציי.
אויף דער אויספאָרשונג האָט מען אים קיינמאָל נישט געשלאָגן;
די פּאָליציי האָט אויך געהאַט פאַר אים דרך־ארץ.
ער איז געווען אַ שטיקל יחס ביי זיך און ביי אַנדערע. גרינ־
טשוק איז געווען, נישט קוקנדיק אויף זיין פּראָפעסיע, באַזאַלבט מיט
יענעם פונק, וואָס מאַכט אַ מענטשן אַ ביסל העכער און שענער פאַר
אַלע איבעריקע. ער האָט געהאַט אַ „צלם־אלהים"

ער האָט ליב געהאַט אַמאָל צו רעדן וועגן מענטש און גערעכטיקייט, פלעגט זיך אָפט פאַרטראַכטן אין זיין ווינקל און אויב עמיצער פון אונז פלעגט פון דער היים באַקומען אַ בוך האָט עס גרינטשוקן אינטערעסירט:

פון וואָס שרייבט מען דאָרט?

ער פלעגט אָבער זייער שוואַך לייענען און איך האָב אַ סך מאָל געמוזט דערציילן דעם אינהאַלט.

און אויסדוכטן פלעגט אָפט, אַז ער פאַרשטייט אַלץ.

אין תפיסה זענען כמעט אַלע ברודיק, נישט אַרומגעוואַשן, פאַרשלאָפן און אויסגעבלייכט. גרינטשוק איז שטענדיק געווען ריין אָנגעטון, פאַרקעמט און איך געדענק נישט פאַר אַ לאַנגע צייט זיצן מיט אים, עס זאָל זיך ביי אים ווען עס איז אַרויסכאַפּן אַ פרעך וואָרט.

ער איז געווען די גערעכטיקייט פון די פאַרשלאָסענע קאַמערן. ער האָט קיינמאָל נישט דערלאָזן, אַז אין טורמע זאָל איינער ביים צווייטן גנבענען און אַז אַ שטאַרקערער זאָל באַליידיקן דעם שוואַכערן.

איך געדענק:

ביי איינעם פון די אַרעסטאַנטן האָט זיך אַרויסגעכאַפּט אַ קללה צו אַ צווייטן אַרעסטאַנט:

— זאָלסט פאַרפוילט ווערן דאָ אין תפיסה.

גרינטשוק, וועלכער איז גראָד געווען אין דער צווייטער זייט פון קאַמער, האָט דערהערט די דאָזיקע קללה און ער איז צוגעלאָפן צו דעם, וואָס האָט געשאָלטן. יענער איז געווען אַ גרויסער מיט ברייטע געזונטע פלייצעס, דער קליינער גרינטשוק האָט זיך אָבער נישט אָפּגעשטעלט און ער האָט אים גענומען דערלאַנגען מיט די פויסטן איבערן קאָפּ און אין די זייטן און דערביי האָט ער געשריגן:

— דערהרגע אים, באַגראָב אים, טו מיט אים, וואָס דו ווילסט, נאָר פאַרפוילט ווערן אין תפיסה, דאָס טאָר מען קיינעם נישט ווינטשן, דאָס טאָר מען נישט.

אָט אַזאַ קאָדעקס האָט די תפיסה.

אין די קאַמערן ביי אונז זענען געווען באַרימטע מערדערס, קאַטאָרזשניקעס, געשמידט אין קייטן, מענטשן וואָס האָבן זיך פראָסט באַסמאַקעוועט מיט דעם בלוט, וואָס זיי האָבן פאַרגאָסן, ביי אונז

זענען געווען העלדן, קעפשניידער, נאָך דרך־ארץ האָט מען געהאַט פאַר איינעם: פאַר גרינטשוקן.

פאַר אים האָט מען מורא געהאַט, פון אים פלעגט מען פאַר־באָרגן אַלע שלעכטע זאַכן, וואָס די אַרעסטאַנטן פלעגן אָפּטאָן, ווייל ער איז געווען אַ שטרייַנגער באַשטראָפער.

אין מיטן דער נאַכט. אין אַ ווינקל פון דער נאַרע שלאָפט דער יונ־גער בחורל פאַנדע. מען האָט אים אַרעסטירט, ווייל מען האָט ביי אים געפונען אַ קינדערשן רעוואָלווער און וואָכנווייז וואַלגערט ער זיך שוין דערפאַר אין תפיסה. דאָס יידישע יינגל איז אַ שוואַכלינג און ציטערט פאַר יעדע זאַך. צוויי אַרעסטאַנטן־מערדער זעצן זיך אַוועק נישט ווייט פון אים און מען נעמט זיך דערציילן מעשיות פון מערדערייען...

—פאַרשטייסט, זאָגט איינער צום צווייטן, איך האַק אים אַריין דעם מעסער אין האַרצן און מאַך אים פאַרטיק. נאָך דער מעסער, מיין טייערער מעסער, בלייבט שטעקן ביים טויטן און וויל נישט אַרויס, מיין מעסער, אַ שאָד...

דאָס יינגל הערט זיך איין די דאָזיקע מעשיות און גיט אַ שרעקלעכן זיפץ און קאָרטשעט זיך פון מורא. די אַרעסטאַנטן לאַכן און קוועלן.

דערווייל דערהערט וועגן דעם גרינטשוק, ער געפינט אונטער דער נאַרע אַ שמוציקן שטיוול און גייט צו צו די אַרעסטאַנטן:

פאַרוואָס פייניקט איר דעם יונגל? און איידער יענע באַווייזן צו ענטפערן, שמאַצירט שוין דער שמוציקער האַרטער שטיוול איבער זייערע פנימער. גרינטשוק שלאָגט און זיי פאַרטיידיקן זיך נישט. זאָלן זיי נאָך פרובן, אים זיך אַנטקעגן שטעלן: די גאַנצע קאַמער וועט זיך באַלד אויפכאַפּן און מיט די מערדער זיך אָפּרעכענען.

ווער האָט אים דאָ געמאַכט פאַר אַ שופט, דעם גרינטשוק? קיי־נער נישט און דאָך האָט ער אַזאַ קראַפט.

אַלס אַ גנב, איז ער געווען אַ ווירטואָז. טאָג און נאַכט האָט מען אין די קאַמערן דערציילט נסים פון זיינע גנבות. ווי פלינק ער פלעגט עס דורכפירן. איינמאָל זענען צו אונז אַריין אַ גרופּע פּאָלי־ציי־לייט מיטן נאַטשאַלניק פון טורמע, מיט זיי איז אויך געקומען

איינער, אַ באַוואוסטער אינזשינער. די זאַך איז אין דעם באַשטאַנען: ביי גרינטשוקן האָט מען, בעת זיין אַרעסט, געפונען אַ זעלטענעם שליסל אויפצועפענען קאַסע־שלעסער, נאָר קיינער האָט נישט געוואוסט, ווי אַזוי מען באַנוצט דעם דאָזיקן שליסל.

גרינטשוק האָט זיך רואיק געשמייכלט און דעם סעקרעט נישט אויסגעזאָגט.

ער האָט זיך בלויז געוויצלט:

—אַז איר וועט גיין מיט מיר אויף אַ שטיקל אַרבעט, דאַן וועל איך אייך אויסזאָגן דעם קונץ פון שליסל.

ער אַליין פלעגט קיינמאָל נישט ריידן פון זיך אַליין, נאָר איין ווערטל פלעגט ער באַנוצן נישט זעלטן:

—אַ גנב באַדאַרף אויך זיין אַן אָרענטלעכער מענטש

און ער איז, אָן אַ ספק, געווען אַן אָרענטלעכער גנב. אַ דרייסיקער יונג און נישט קיין באַרימער. קוקנדיק אויף אים, האָסטו געפילט, אַז דאָ האָט זיך אַ פיין לעבן אויסגעגליטשט און איז אַוועק נאָך ווייטער אויף דעם גליטשיקן וועג.

אין שטאָט האָט ער געהאַט אַ געליבטע. זי פלעגט אים זייער פּינקטלעך שיקן עסן, נאָר אַז זי פלעגט אַמאָל פאַרשפּעטיקן, איז ער דאַן בייז געווען, ווי אַ חיה.

—ניין, זי טאָר נישט פאַרשפּעטיקן, זי איז אויף דער פריי. די פרייהייט איז ביי אים געווען אַ צווייטע וועלט, אויף וועלכער עס איז אַלץ מעגלעך געווען צו טון.

אין יענע צייטן האָט די פּאָליציי פּראָוואָצירט די גנבים אויף די פּאָליטישע און פיל מאָל פלעגט קומען צו געשלעגן. נאָר ביי אונז אין תפיסה האָט עס גרינטשוק נישט דערלאָזן, כאָטש די קרימינעלע פאַרברעכער זענען געווען אין אַ גרעסערער צאָל.

—דאָ זענען אַלע גלייך, פלעגט גרינטשוק זאָגן, אַלע האָבן קיין לופט נישט און דעריבער זאָל זיין שטיל און שלום.

ער האָט זייער פיינט געהאַט די קאַרגע חברים. געווען ביי אונז איינער אַ פּאָליטישער, זייער אַ רייכער. מען פלעגט אים ברענגען זייער פרישע שמעקעדיקע מיטאָגן, שאָקאָלאַד און פרוכטן. יענער, דער רייכער, איז געווען אַ גרויסער פרעסער, פלעגט ער זיך

אַוועקקריכן מיט זיינע גוטע זאַכן אין אַ ווינקל, ווי אַ כלב, און אַלץ אַליין אויפפרעסן. גרינטשוק האָט עס באַמערקט און ער האָט גענומען דעם נפש דערגיין די יאָרן אויף יעדן טריט, ער האָט אים דערפירט צו טרערן און ער, גרינטשוק, האָט זיך נישט באַרואיקט, ער האָט זיין קרבן כסדר געפייניקט.

—אין תפיסה, האָט ער געשריגן, מוז מען זיין אַ מענטש, גיכער ווי אויף דער פריי, דאָרטן איז עס לייכטער.

מיט מיר האָט ער געלעבט גוט און איך מיט אים נאָך בעסער. עס האָט קיין סך נישט געפעלט, מיר זאָלן ווערן די טייערסטע אי־בערגעגעבענע חברים, און אַזאַ נאַטור האָט ער שוין געהאַט: האָט ער זיך צוגעבונדן, איז דאָס געווען ווי אייזן שטאַרק.

דער ווינטער האָט זיך גערוקט, ווי אַ וואָגן מיט צעבראָכענע אַקסן. די טעג זענען געפאַלן, ווי שווערע פלאַסטן בליי, אויף דער נשמה און דאָך זענען אויך דאָרט געווען ליכטיקע פריילעכע מינוטן, מען האָט פאַרגעסן די בייגקשאַפט נאָך דער פרייהייט, מען האָט גע־לאַכט און געשפילט...

אין קאַמער האָט מען געשפילט אין „בלענדעניש”. מען האָט איינעם פאַרבונדן די אויגן און ער האָט געזאָלט כאַפן אַ צווייטן פון אונז... קיין רחמנות איז נישט געווען: אַ שעה האָט עס געמעגט דויערן, צוויי שעה... מען פלעגט אָנוואַרפן פאַרשידענע חפצים, דער כאַפער פלעגט פאַלן און זיך צעקלאַפן, און מיר פלעגן לאַכן, לאַכן מיטן גאַנצן האַרצן, מיט אכזריות...

די צווייטע שפּיל האָט געהייסן: „באַנקעס”. האָט זיך איינער פון אונז פאַרזינדיקט, האָט מען אים פאַרמשפט צו שטעלן באַנקעס... אַוועקגעלייגט אויף די נאַרעס און אָפּגעדעקט דעם קערפּער. איינער נעמט אָן אַ הויפן פלייש און דער צווייטער האַקט עס מיט דעם פלאַך פון דער האַנט.

די ערשטע צייט, אַז איך פלעג דאָס זען, פלעגט מיר פשוט נישט גוט ווערן, נאָר שפּעטער בין איך געוואָרן אַ טורמע־מענטש און איך וואָלט די נשמה אָפּגעגעבן, אַבי צו פאַרטרייבן די לאַנגוויילִיקייט. געווען זענען אויך ביי מיר אין קאַמער אַ גרופּע קאָרטן־שפּילער.

צו דער גרופּע פּלעגן זיך אָפּט אַריינכאַפּן ליבהאָבער פון אַ צווייטן קאַמער..

געשפּילט האָט מען טאָג און נאַכט. פאַרשפּילט האָט מען געלט, קליידער, אַ העמד פון לייב און די לעצטע פּאָרציע ברויט...

און איינמאָל האָב איך געזען, אַז מען קאָן נאָך עפּעס פאַר־שפּילן.

איך בין געווען אונטן, אין דער תּפיסה־ביבליאָטעק און ווען איך בין אַרויף צוריק אויפן צווייטן שטאָק, וואו מיין קאַמער איז געווען, האָב איך אין קאָרידאָר דערזען אַ גרויסע גרופּע אַרעסטאַנטן מיט עטלעכע נאַדזיראַטעלעס. אַלע האָבן זיי אויפן קול געלאַכט...

איך בין צוגעקומען נענטער און איך בין דערגאַנגען, וואָס דאָ איז פּאָרגעקומען:

אַן אַרעסטאַנט האָט פאַרשפּילט... איין וואָנסע, פאַרשפּילט אין קאָרטן.

דאָס איז געווען אַ שיינער יונג מיט אַ רונדן מאַטאָווען פּנים. אַ גנב פון די ווילנער באַרימטע קעשענע גנבים, און געהאַט האָט ער אַ פּאָר שוואַרצע סמאָלענע וואָנסן, וועלכע זענען אויף זיין מאַטאָווען פּנים געלעגן, ווי צוויי שוואַרצע פליגלען אויפן ווייסן שניי...

האָט ער געשפּילט אין קאָרטן און אַלץ פאַרשפּילט, ביז דאָס לעצטע.

און אַזוי ווי ער איז געווען אַ גנב אַ יחסן, האָט מען אים גע־וואָלט געבן די מעגלעכקייט זיך אָפּצושפּילן...

און אַזוי ווי ער האָט זייער שטאָלצירט מיט זיינע שוואַרצע וואָנסן, האָט מען אים פאָרגעלייגט אַזאַ מין „סטאַווקע".

ווען ער געוואונען, באַקומט ער צוריק אַ טייל פון זיין שאָדן, פאַרשפּילט ער—מוז ער זיך לאָזן אָפּגאָלן איין וואָנסע...

און ער האָט פאַרשפּילט...

אין תּפיסה האָבן די אַרעסטאַנטן כמעט שטענדיק אַ גאָל-מעסער, מיט וועלכן זיי גאָלן זיך איינער דעם צווייטן, האָט מען גלייך דעם גאָל־מעסער געבראַכט און מען האָט ביי דעם ווילנער גנב איין וואָנסע צו־אָפּגענומען...

אויסגעזען האָט ער, ווי אַ קאַטשקע מיט אַן אויסגעצופּטן עק...

און וואַרטן מוז ער איצטער ביז די וואָנסע וועט צוריק נישט אָנוואַקסן—אַזאַ געזעץ איז פאַראַן אין תפיסה און אַן אמתער אַרעסטאַנט וועט דעם געזעץ אָפּהיטן...

די גאַנצע טורמע האָט דאַן געקייכט פון געלעכטער און ער, דער איינוואָנסעדיקער, האָט פאַרביסן מיט די ליפּן און געשוויגן.

אָט אַזוי האָט מען געלעבט טעג און חדשים... די טורמע האָט געזוכט מיטלען געגן דער לאַנגווייליקייט...

יעדן טאָג האָט מען זיך געריסן מיט די אויפזעער און מיין יונגער פּערפּומירטער אַנאַרכיסט איז כמעט יעדן טאָג געגאַנגען אין קאַרצער, ער האָט אַלץ געקעמפט פאַר דער אַבסאָלוטער פרייהייט, און איז געזעסן אין תפיסה און אין קאַרצער.

איינמאָל, בעת אַ רעוויזיע אין די קאַמערן, האָט מען צוגענומען עטלעכע מעסערלעך, עטלעכע בלייפעדערס און צוויי גאָל-מעסערס. האָבן די אַרעסטאַנטן פאַרשטרייקט און ביים „קאַזיאָנעם" גאָלער האָט זיך קיינער נישט געוואָלט גאָלן...

עס זענען אַוועק פינף, זעקס וואָכן, עס זענען אַוועק צוויי, דריי חדשים—קיינער האָט זיך נישט געגאָלט און קיינער האָט זיך נישט געשאָרן.

זענען מיר אַלע געוואָרן פאַרוואַקסן, ווי די בערן...

נאָר, ווי גרויס איז געווען די פאַרוואונדערונג פון אונזערע שומרים, ווען פון די קאַמערן האָבן זיך גענומען באַווייזן אָפּגעגאָלטע אַרעסטאַנטן, פריש געגאָלטע פּנימער...

און די זאַך איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס עס האָט זיך איינ־געגעבן אַריינצושמוגלען אין תפיסה אַ גאָל-מעסער, וועלכער האָט שפּאַ־צירט פון קאַמער צו קאַמער...

די שומרים אונזערע האָבן געזוכט אין אלע ווינקעלעך, און דעם גאָל-מעסער נישט געפונען, און יעדן טאָג פלעגט אַ צווייטער קאַמער אַרויסגיין אַ פריש-געגאָלטער.

מיר האָבן זיך געדייצט מיט די שומרים, מיר האָבן זיגעריש געלאַכט... עס האָט געדויערט אַ לייַנגערע צייט...

נאָר די פאַרוויילונגען פלעגן זיך אויסשעפּן און אַ שווערע אַפּאַ־טיע פלעגט אַרומכאַפּן די גאַנצע נשמה...

עס האָט אויפגעהערט צו אינטערעסירן דאָס גאַנצע לעבן פון תפיסה און פון אויסער דער תפיסה, און איך אַזעלכע טעג פלעג איך זיך אויסציען אויף די נאַרעס און קוקן דורך די קראַטעס אויף דעם בעקעסטלטן שטיקל הימל...

די געדאַנקען זענען ווי פּאַראַליזירט, דער קערפּער שווער און אָפּגעשטאָרבן.

און פּלוצלונג דערהערסטו דיין נאָמען, דער שומר רופט דיך און שרייט:

—נאַ סווידאַניע...

אודאי לינע אַבראַמזאָן...

ניי איך לאַנגזאַם אַראָפּ פון די טרעפּ.

עס איז מיר אַלץ איינס, זאָל זיין לינע, זאָל זיין אַ צווייטער.

נאָר בעת איך דערזע איר פּנים, בעת זי באַגריסט מיך מיט אַזאַ זוניקן שמייכל, ווילט זיך מיר דאַן וויינען פון טרויער און פרייד...

ווי לאַנג, האַ, לינע! ווי לאַנג וועל איך דאָ זיין אין פּאַסטקע? אָבער באַלד כאַפּ איך זיך, אַז איך ווער אַ „באַבע", און איך מאַך זיך העלדיש.

—דאָ... דאָ לעבט מען גאַנץ גוט, מען שפּילט זיך, מען לאַכט, עס איז גאָרנישט אַזוי שלעכט.

און זי דערציילט, אַז לאַנג וועל איך שוין דאָ נישט בלייבן, דער פּראָקוראָר האָט צוגעזאָגט אין גיכן מיך צו באַפרייען.

און זי דערציילט און פּלאַפּלט אַלץ אויס: עס לעבט זיך איר נישט שלעכט אויף דער פריי: זי האָט אַ סך באַקאַנטע און מער פאַר אַלעמען לויפט איר נאָך באָריס דער שוואַרצער. ער איז פּשוט פאַר־ליבט אין איר.

קאָכט עפּעס אויף אין מיר, איר זאָרגלאָזיקייט דענערווירט מיך:

—אַדיע, לינע!

און איך בין שוין צוריק אויף די טרעפּ, צוריק אין קאַמער...

גרינטשוק איז לעם מיר און איך פרעג ביי אים:

—ווי טראַכסטו, גרינטשוק, דיין זאָסיע בייִנקט עפּעס נאָך דיר

אויף דער פרייהייט.

—אודאי...

—און מיט קיין אַנדערע גייט זי נישט אַרום?

—זאָל זי פּרובן: ווי ביי אַ טייבעלע, וועל איך איר דעם קאָפּ אַראָפּדרייען.

די אויגן האָבן זיך ביי אים אָנגעצונדן און ער איז שוין גרייט געווען צו אַרבעטן מיט די הענט.

איך האָב אים באַרואיקט, נאָר גערעדט האָב איך, אַז אין דעם פאַל וועט מען גרינטשוקן נישט באַרואיקן.

מיר האָבן געלעבט זייער חבריש ביזן לעצטן טאָג, און בעת איך בין שוין געווען אויף דער פריי, האָב איך אים איינמאָל אויף דער גאַס באַגעגנט. ער איז שוין אויך געווען פריי.

ער איז צו מיר צוגעלאָפן, געדריקט מיין האַנט און ער רופט מיך:

—קום אין אַ טויער אַריין.

—צו וואָס אין אַ טויער?

—איך וויל זיך מיט דיר צוקושן, אויף דער גאַס פּאַסט דיר אפשר נישט.

איך האָב זיך מיט אים זייער טריי צוקושט, דערנאָך זיינען מיר אַוועק צו זלאַטען טרינקען ביר, און גרינטשוק איז ענטציקט געווען מיט זלאַטעס „אולניק".

דערווייל האָט ער מיר גאַנץ רואיק דערציילט, אַז ער גרייט זיך צו... אין גיכן וועט ער דורכפירן אַ גרויס שטיקל אַרבעט און, ביז דאָס וועט זיך איינגעבן, נעמט ער זאָסיען און פאָרט קיין אַמעריקע.

איך האָב אים אויך דערציילט וועגן אונזערע ענינים:

—אין פּעטערבורג האָט מען געהרגעט אַ מיניסטער און אין גיכן וועט מען זיי אַלע פּטרן.

ער האָט זיך דאַן אַזוי מאָדנע פאַרטראַכט און ביים געזעגנען זיך האָט ער מיר, ווי פאַרטרוימט, אַ זאָג געטאָן:

—מיר דאַכט זיך, אַז דיין פאַך איז אַ בעסערער ווי מיינער.

אַרויסגערעדט האָט ער דאָס מיט אַ לייכטער קנאה... פון דעמאָלט אָן האָב איך אים מער נישט געזען, נאָר לייענדיק איינמאָל אַ צעטל פון אויסגעהאַנגענע באַנדיטן, האָב איך געפונען זיין נאָמען...

איך האָב אין יענעם טאָג נישט געגעסן.

VI

# מיט געבונדענע הענט...

איך האָב פאַרבראַכט אין תּפיסה ביז פרילינג. מען ווערט אין לעבן צו אַ סך זאַכן צוגעוואוינט... איך האָב אויך דאָ געהאַט מיינע שווערע מינוטן... נאָר עס זענען אויך געווען מאָמענטן אונטערטעניקע, שטילע. דער מוח פלעגט טעמפּ ווערן פון קלערן. דאָס האַרץ פלעגט לעטאַרגיש אָפּשטאַרבן. עס האָט זיך דאַן אויסגעדוכט, אַז עס איז אַ קנאַפּער אונטערשיד צווישן פרייהייט און תּפיסה, דאָס לעבן פאַרליוירט זיין ווערט.

דאָך ווייטאָקלעך איז געוואָרן אין יענע טעג, ווען די זון האָט גענומען אויסלייגן גרויסע פּאַסן זילבער אויף די שכנישע דעכער און ביי אונז אונטער די קראַטעס פלעגט זי אַריינוואַרפן גאַנצע סנאָפּעס שטראַלן. פון צופיל ליכט ווערט ענג אין אונזער קאַמער און ביינזער איז איינער אויף דעם צווייטן געוואָרן, פונקט ווי ער, מיין שכן אין אומגליק, איז שולדיק אין דעם, וואָס איך בין פאַרשפּאַרט ווי אַ חיה אין שטיי...

יעדער איינער האָט זיך געריסן צום פענסטער און, אויב די זון האָט באַלויכטן אַ האַלבע נאָרע, האָבן אַלע געוואָלט ליגן אויף דער באַלויכטענער זייט. מיר האָבן געשלונגען די ליכט מיטן אָטעם, מיט די הויפּנס האָבן מיר עס געוואָלט כאַפּן.

און דער טאָג איז אויף צו להכעיס לענגער געוואָרן, האָט אַליין מער נעהאַלטן אָפּן די אויגן און געקוקט אויף אונז..

און געררייצט זיך מיט אונז, מיט אַלעמען און מיט יעדערן באַזונדער. עס האָט זיך געוואָלט שרייען פון ווייטאָק, וויינען האָט זיך געוואָלט.

נאָר איינער פאַר דעם צווייטן האָט זיך געשעמט, קיינער האָט נישט געוואָלט אַרויסווייזן קיין סענטימענט און אַלע זענען מיר געבליבן

שווייגעדיקע, שטאָלצע... מיר זענען דאָך קעמפער, מיר זענען דאָך מענער.

אַמאָל פלעגט אַ קליינינקייט רירן ביז טרערן. ערגעץ-וואו האָט אַ פויגל אַ פּיפּס געטאָן. אַזעלכע טרעלן הערט מען נאָר אין פרילינג, ווען די ערד עפנט אירע קוועלן און פאַרבט איר מיט קאָלירטע בלומען, ווען אין וואַלד וואַקסן צו פרישע נאָדלען אויף די בוימער, ווען מענטשן ווערן ליבער, הייסער, יינגער...

און דו באַקומסט נאָר אַ בינטל בלומען פון דרויסן מיט אַ צעטעלע, אונטערגעשריבן פון צוויי פרויען. „די מומע באַשע און לינע אַבראַמזאָן". וואָס איז דאָרט נישט געשריבן געווען, אין יענעם צעטעלע. נאָך אַ טאָג גייסטו אַרום פון דעם צעטומלט, גייסטו צו צו די קראַטעס און פרובסט זיי איינברעכן, רייסן, בייסן מיט די ציין... נאַרישער מענטש! אייזען איז שטאַרקער פאַר דיינע ציין...

ווייט-ווייט איבער די דעכער האָט זיך געזען דער ווייטער פעלד, און ווער עס האָט געהאַט בעסערע אויגן, דער האָט באַמערקט, ווי דער פויער שפרייזט איבערן פעלד מיט זיין אַקער-אייזן און אַלץ גרינער איז געוואָרן די ווייטעניש...

מיר האָבן זיך געאַמפּערט, ווער עס דאַרף שטייןביים פענסטער און קוקן אויף גאָטס וועלט. מיר האָבן געוואָרפן גורל, דערנאָך האָבן מיר באַשטימט אַ סדר: יעדער חבר מעג שטיין ביים פענסטער אַ שעה צייט— נישט מער.

און געווען זענען ביי אונז אַזעלכע, וואָס פלעגן פאַר איין באַפיראָס פאַרקויפן זייער שעה... טויטע מענטשן.

ערגעץ ביי טורגעניעוון איז פאַראַן אַזאַ פראַזע: „אַלע מיינע צרות קאָן איך נאָך דעם שיקזאַל מוחל זיין; נאָר איך האָב פאַרבראַכט איינמאָל אַ פרילינג אין תּפיסה און יענער פרילינג פעלט מיר ביזן היינטיקן טאָג". דער, וואָס האָט דורכגעלעבט דאָס זעלבע, קאָן פילן די ריכטיקייט פון טורגענעווס ווערטער.

עס פלעגט רייצן דער געדאַנק, אַז איצט איז פרילינג, עס פלעגט רייצן די זון, ווייל מיר האָבן געהאַט לעבעדיקע אויגן, וועלכע זענען גאַנצע טעג געווען טרויעריק. עס האָט גערייצט די לופט, וואָס די קראַטע פלעגט דורכלאָזן, ווייל די לונגען האָבן געאָטעמט און גע-

לעבט און ווי האָט זיך געוואָלט דאָ, אַז דיין גאַנצעס וועזן זאָל פאַר שטיינערט ווערן. איך פלעג דריקן דעם קאָפּ און די הענט. קאָפּ, טראַכט ניש, טראַכט נישט—איך וועל פון טראַכטן משוגע ווערן. און דאָ לאַכן די גנבים, די קאַטאָרזשניקעס. דו מוזט שפּילן אין זייערע שפּילן, אויסהערן די גראָבסטע ווערטער און ציניש מעשיות און מוזט לאַכן, מיטלאַכן מיט זיי, ווייל אַנדערש ווערסטו אַ „יאָלד" און אַ יאָלד האָט מען אין תּפיסה נישט ליב און ווער עס וויל גאָר, רעדט אויף אים.

כאָטש איך אַליין האָב זיך זייער גוט איינגעלעבט מיט אַלעמען, מיט די גנבים און מערדער. איך מוז זיך מודה זיין, אַז אויף דער פריי־הייט האָב איך קיינמאָל אַזויפיל פריינט נישט געהאַט, ווי אין תּפיסה...

גרינטשוק האָט זיי איינגענומען מיט זיין ווילן און איך פלעג אויף זיי ווירקן מיט מיין חברשאַפט, געווען מיט זיי אַ גוטער-ברודער.

אויב פאַר גרינטשוקן האָבן זיי מורא געהאַט, האָבן זיי ביי מיר געזוכט געדעכטיקייט, אויף זייער שטייגער.

דער פרילינג איז שוין באַלד אַוועק. רופט מען מיך איינמאָל אונטן אין קאַנצעלאַריע:

—ביזט פריי.

האַ!

וואָס האָט ער געזאָגט, דער נאַטשאַלניק מיט די גרויסע וואָנסעס? „פריי!" אין די אויערן האָט זיך עס מיט אַ וואַלד גלאָקן פונאַנדערגעקלונגען...

די פיס ברעכן זיך אונטער.

לויף איך אַרויס פון קאַנצעלאַריע צו זיך אין קאַמער, אַ כאַפּ געטהון אַ גנב און אים צוקשט, אַ צווייטן, אַ מערדער אין פּוס־קייטן, האָב איך די האַנט ברידערלעך געדריקט און באַלד אויפן אָרט אַלע־מען צוטיילט מיין רייכקייט. אַוועקגעגעבן מיין עסן, מיין גלאָז, אַן אַלטן אַנצוג און נאָך קלייניקייטן.

באַלד אָבער האָט מען מיך ווידער אַראָפּגערופן אין קאַנצעלאַריע און געמאָלדן, אַז איך מוז נאָך אויסשטיין אַביסל צרות, איידער איך וועל ווערן פריי, מען מוז מיך אָפּשיקן מיטן עטאַפּ צום אָרט, וואו איך בין צוגעשריבן.

די דאָזיקע לעצטע טעג זענען פאַר מיר געווען די שווערסטע.

איך האָב נישט געשלאָפֿן, נישט געגעסן, נאָר כסדר נאָכגעפֿרעגט דעם זייגער און ווען די זון איז אויפֿגעגאַנגען, האָב איך געוואַרט, זי זאָל גיכער פֿאַרגיין, ווען זי איז פֿאַרגאַנגען, האָב איך געבעטן גאָט, זי זאָל גיכער זיך צוריק באַווייזן.

איך האָב זיך געוואַלגערט נאָך עטלעכע טעג אין תּפֿיסה. דער־נאָך האָט מען אונז איינמאָל ביינאַכט אַ גרויסע פּאַרטיע אַרעסטאַנטן אַוועקגעפֿירט אין גובערניע אַריין. ביינאַכט איז דאָס געווען אין קאַנ־צעלאַריע האָט מען אונז פֿאַרן אַוועקגיין רעווידירט און איבערגעשריבן און מיטאַמאָל הער איך:

— גיב די הענט. לעם מיר שטייט אַ סאָלדאַט מיט האַנט־קייטן און ער טוט זיי טאַקע מיר אָן, די קייטן.

אַלעמען האָט מען אָנגעטאָן רינגען אויף די הענט און פֿאַר־שלאָסן, די מער געפֿערלעכע האָבן אויך קייטן אויף די פֿיס געטראָגן.

און אַזוי איז דאָס שוין פֿון דער נאַטור געמאַכט, גראָד דע־מאָלט, ווען די הענט זענען געשמידט, ווילט זיך זיי באַוועגונג...

און נאָר איצט האָב איך דערפֿילט, אַז איך האָב אַ פּאָר הענט, מיט וועלכע איך קאָן רייסן בלומען, אַ געליבטע אַרומנעמען... איך האָב געשמידטע הענט... עס וועט אַריבער אַ טאָג, זיי וועלן זיין פֿריי מיינע הענט. זענען מיר געגאַנגען ביינאַכט איבער דער שלאָפֿעדיקער שטאָט אין דער פֿינסטער, אַרומגערינגלט פֿון אַלע זייטן מיט בלאַנקע שווערדן, וועלכע האָבן ווי בליצן געלויכטן אין דער פֿינסטערניש און די קייטן האָבן צוגעקלונגען. „עך", האָב איך געטראַכט. „איך בין עפּעס", „איך בין אַ פּאָליטישער פֿאַרברעכער" פֿאַר מיר האָט מען מורא, מען שמידט מיך אין קייטן און גרויסע געשטאַלטן פֿון דער היסטאָריע, מאַרטירער פֿון דער פֿרייהייט, האָבן געשוועבט פֿאַר מיינע אויגן.

די גאַנצע שטאָט איז נאָך רואיק געשלאָפֿן און אפֿשר האָט זיך ווער אויפֿגעכאַפּט און אַ טראַכט געטאָן:

— אַרעסטאַנטן פֿירט מען, קייטן קלינגען און ער האָט גאָט גע־דאַנקט, וואָס ער האָט זיין בעט, זיין רואיקייט, נאָר איך בין אין דער רגע אויך נישט געווען אומגליקלעך... עס איז געווען פֿרילינגס־צייט און אין עטלעכע טעג אַרום וועל איך זיין פֿריי.

דערנאָך זענען מיר געזעסן אין אַ וואַגאָן מיט קראַטעס. די רעדער האָבן געקלאַפּט און קייטן האָבן צוגעקלונגען. אַ קאָמישן איינדרוק האָט געמאַכט דאָס בילדל: אַן אַרעסטאַנט וויל רויכערן, דעם טאַבאַק האָבן ביי אונז צוגענומען די שומרים אונזערע און ווען אַן אַרעסטאַנט וויל רויכערן, זאָגט ער צו דעם שומר דריי קאָפּיקעס און יענער שטייט לעם אים מיט אַ פּאַפּיראָס, יעדע רגע רוקט ער אים, דעם אַרעסטאַנט, אַריין דעם פּאַפּיראָס אין מויל, לאָזט פּאַרציען און נעמט עס באַלד אַרויס פון זיין מויל...

אַ צווייטער אַרעסטאַנט האָט נישט קיין דריי קאָפּיקעס בעט ער זיך כאָטש איין צי, איין צי... אויב נישט וועט ער באַלד אין חלשות פאַלן און איך מוז זיך אַריינמישן מיט מיין גוט האַרץ, איך ראַטעווע אַ מענטשן.

מען האָט מיך איבערגעפירט אין גובערניע און פון דאָרט האָט מען מיך געפירט מיטן עטאַפּ צופוס. צוויי הונדערט וויאָרסט בין איך אַזוי געגאַנגען. פון דאָרף צו דאָרף, פון שטעטל צו שטעטל. פויערים מיט שטעקנס האָבן מיך געפירט און ביי יעדער בייטן זיך האָט איינער דעם צווייטן אָנגעזאָגט:

—זייט מיט אים פאָרזיכטיק. דאָס איז אַ געפערלעכער.

די פויערים ווייסן נישט פון קיין קונצן, דאָס האָבן זיי די שטאָטישע סטראַזשניקעס אָנגעזאָגט, מען זאָל מיט מיר זיין פאָרזיכטיק.

ביי איין דאָרף האָט אַ פויער אַרפּגענומען אַ פעסטן געזונטן שטריקל פון די הויזן און מיר שטאַרק איינגעבונדן די הענט.

בין איך, הייסט עס, ווידער געבונדן. אַזוי בין איך אַרויס אין פעלד אַ געפּענטעטער, אַ געבונדענער מענטש אויף גאָטס פרייער וועלט. מיטאַמאָל...

מיטאַמאָל אַזוי פיל ליכט נאָכן פינסטערן קאַמער, אַזוי פיל ברייטקייט און זון נאָך אַזאַ ענגשאַפט.

אַ געבונדענער, בין איך נאָך קיינמאָל אַזוי פריי נישט געווען. איך בין נישט געגאַנגען, נאָר לאַנגזאַם געשוואומען איבער די פריי פאַרזייטע פעלדער. איך האָב זיך מורא געהאַט אומצוקוקן... קאַמער, טאָמער לויפט אַ שליח און הייסט מיר גיין צוריק.

די פויערים, וואָס האָבן מיך באַגלייט, זענען מיד געוואָרן און

זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט אָפּרוען — איך מיט זיי.

און אָט האָב איך אַ וואָרף געטאָן אַ בליק אויף גאָטס גרויסער וועלט און די גאַנצע ווייטקייט, די פעלד־גרינע און וואַלד־שוואַרצע ווייטקייט איז מיר אין דער נשמה אַריין.

— בינדט מיר אָפּ די הענט, בעט איך ביי די פויערים

זיי האָבן אויף מיר אַ קוק געטאָן מיט פאַרדאַכט.

— בינדט מיר אָפּ די הענט, איך שווער ביי מיין מאַמען, אַז איך וועל נישט אַנטלויפן.

מיין בקשה איז צו האַרציק אַרויסגערעדט געוואָרן, זיי האָבן מיר געגלויבט און פונאַנדערגעבונדן די הענט.

און די הענט האָב איך געוואָלט האָבן פרייע, ווייל עס האָט זיך מיר געגלוסט די גאַנצע וועלט אַרומנעמען.

שטילער, האַרץ?

לאָז מיך באַטראַכטן, וואו איך האַלט אין דער וועלט? איך בין געווען אין תפיסה און אָט ליג איך אין פעלד אונטערן פרייען הימל. דריי פרעמדע, גוטע פויערים היטן מיך, נאָך אַ פּאָר טאָג — זיי וועלן מיך פרייל אָזן... וואָס איז מיט מיר געשען? פאַר וואָס בין איך גע־לעגן זעקס חדשים אין אַן איינגן קאַמער? איך האָב געוואָלט גוטס טאָן, האָבן בייזע מענטשן מיר שלעכטס געטאָן... נאָר נישט דאָס איז דער עיקר: איך האָב די מענטשן נישט ליב און נישט פיינט. יאָ, אין פעלד האָב איך עס דערפילט: איך האָב צו די מענטשן, צו אַלעמען אַ גוטמוטיקע גלייכגילטיקייט, כאָטש צייטנווייז כאַפט זיך אויף אין מיר אַ ביטערער פאַרדרוס: איך קאָן זיי נישט מוחל זיין זייערע קליינלעכקייטן.

איך האָב זיך דערמאָנט, ווי מען האָט מיך געזידלט מיטן נאָ־מען „קאָמיטעטשיק", מיט וואָס פאַר נישט פאַרגינען מען האָט געקוקט אויף מיר... איך האָב זיך דערמאָנט דעם ביטערן קאַמף אין תפיסה פאַר דער גלאָז טיי, דעם אַפּעלסינען־פרעסער, די קאַלטקייט פון אַ מענטשן, וואָס האָט דערהרגעט זיין נאָענטן..

נאָר זאָלן זיי זיך זיין גוט, די מענטשן, גוט ווי מלאכים... עס איז פאַראַן נאָך עפּעס אויסער גוטס און שלעכטס...

וואָס איז דאָס אַזוינס

אָט ליג איך דאָ אין פעלד און איך, מאַך זיך אַליין אַ פאַר־שווערונג, איך וועל עס פאַר קיינעם נישט פאַרטרויען, פאַר קיינעם נישט... נאָר איך האָב איצט מיין באַשלוס: איך בין אַ וועלט פאַר זיך אַליין. איך וויל קיינעם נישט העלפן און איך וויל, קיינער זאָל מיר נישט העלפן...

— שטיי אויף, שרייען צו מיר די פויערים...

און מיר גייען ווייטער.

גייענדיק, טראַכט איך זיך ווידער מיין געדאַנק און איך דער־פיל, אַז איך בין געוואָרן אַן אַנדערער. איך וועל דאָס קיינעם נישט אויסזאָגן, נאָר איך בין געוואָרן אַן אַנדערער. איך האָב פרייע הענט און איך וויל שטענדיק האָבן פרייע הענט.

ווען איך וועל וועלן, וועל איך ליב האָבן, אָדער פיינט האָבן, ווו איך וועל זען די שיינקייט, וועל איך עס צונעמען פאַר זיך, באַהאַלטן אונטער זיבן שלעסער אין מיין האַרצן און שיין קאָן זיין אַ מענטש, שיין קאָן אויך זיין אַ באַרג שטיינער פון כאַאָס. עס זינגט אין מיר די גרינקייט פון פעלד, די בלויקייט פון הימל און עס טאַנצט פון שטילער צופרידנהייט די נשמה. איך האָב דערפילט די נאַטור אין זיך און איך בין רייך. רייכער פאַר אַלעמען.

איך בין אַזוי דורכגעגאַנגען מיט די פויערים אַ סך דערפער און פעלדער. זעקס טעג האָט עס געדויערט. די נעכט פלעג איך שלאָפן אין די דערפער. עס פלעגט לאַנג געדויערן, ביז די פויערים פלעגן קומען צו אַ באַשלוס, ווו מען זאָל מיך לייגן שלאָפן. זיי האָבן זייער מורא געהאַט, איך זאָל נישט אַנטלויפן.

אין איין דאָרף האָט מען מיך צוגעבונדן איין פוס צו אַ סלופּ אין אַ שייער און יונגע שקצים מיט שטעקנס זענען געשטאַנען אין דרויסן און געוואַרט אַ גאַנצע נאַכט. אין צווייטן דאָרף איז דעם „סאָטסקעס" ווייב געגאַנגען שלאָפן אין שייער און איך בין געשלאָפן אויף איר געלעגער, כדי דער „סאָטסקי" זאָל קאָנען אויף מיר אַכ־טונג געבן.

און אין דער פרי, באַגינען האָב איך שוין ווידער געשפּרייזט איבער גאָטס געבענטשטע פעלדער.

די פויערים, וואָס אַרבעטן אין פעלד, פלעגן מיט שפּאַס מיך באַגעגנען:

— העי! דו פיינער מענטש... ווען האָסטו געהרגעט? ווען באַרויבט, קאַטאָרזשניק דו איינער...

אַנדערע האָבן מיך מיטגעפילט און אויסגעפרעגט וועגן פאַרשידענע פּאָליטישע פראַגן, איבערהויפט וועגן דעם צי מען וועט שוין אַמאָל געבן ערד.

איך פלעג זיי איבערלאָזן אין אַ פאַרקלערעניש: אַ וואָרט, וואָס מען וואַרפט, בלייבט אין זיי און עס לאָזט נישט רוען.

מיין געזיכט איז אָפּגעברענט געוואָרן פון דער זון און פון פעלד־ווינטל. די שיך מיינע האָבן שוין אָנגעהויבן פּלאַצן פון אַלע זייטן, די קליידער צעקנייטשט און פאַרשטויבט, נאָר די נשמה האָט אין מיר זיך אויסגעגלייכט און מונטער געוואָרט די שעה פון באַפרייאונג. איך האָב דערציילט פאַר מיינע באַגלייטער פאַרשידענע אומשולדיקע מעשיות און געלאַכט מיט זיי אינאיינעם.

נאָר קיינער ווייס נישט, וואָס פאַר אַ באַשלוס איך האָב אָנגענומען. ווען איך וועל קומען אין שטאָט, וועל איך דאָס אויך קיינעם נישט אויסזאָגן: איך האָב באַשלאָסן אָוועקצוגיין פון דער אָרגאַניזאַציע, ווייל איך בין אַליין פאַר זיך געוועזן אַ גאַנצע אָרגאַניזאַציע...

איך האָב קיין טראָפּן ספק נישט געהאַט דאַן אין מיינע געדאַנקען און באַשלוסן, ווייל איך בין געגאַנגען אין גרויסן קרייז פון דער זון און אויף די לאָנקעס האָבן געטאַנצט פאַר מיר מיליאָנען קאָלירטע בלימעלעך...

איך האָב זיך מיין יום־טוב, מיין צער, נישט די מענטשן האָבן מיר עס געגעבן און נישט זיי וועלן עס ביי מיר צונעמען.

דערווייל דויערט נאָך דער וועג. טריט ביי טריט, מיינע שומרים היטן מיך.

אין איין דאָרף זענען אַלע מענער געווען אויף דער אַרבעט אין פעלד, האָט דעם „סאָטסקעס" ווייב גערופן נאָך דריי פויערטעס, זיי האָבן זיך אַלע באַוואָפנט מיט גראָבע שטעקנס און ווידער געבונדן מיינע הענט.

— ווייבער, איך וועל נישט אַנטלויפן.

—ווער ווייסט דיך... און עס האָט נישט געהאָלפן, אידאַ, אין וועג אַריין!

—זאָל ער נאָר פרובן לויפן, האָט איינע פון זיי אַ זאָג געטאָן.

—יאָ, יאָ, האָט די צווייטע צוגעלאַכט.

איך בין נישט געלאָפן. פיר געזונטע פויערטעס האָבן אַרום מיר געלאַכט, אויסגעפּרעגט ביי מיר, צי איך האָב אַ כלה, קאָקעטירט האָבן זיי אויף זייער שטייגער און גערעדט צווייטייטיקע ווערטער.

וואָס האָב איך געזאָלט טאָן? זיי האָבן געפירט אַ געבונדענעם מענטשן און געשפּאַסט פון אים און דאָך אין מיינע געבונדענע אָרעמס האָב איך דאַן די וועלט געהאַלטן: זאָרגלאָז און פריילעך בין איך געווען.

און אויפן וועג די פויערים:

—באַבעס, וואו האָט איר אים געפּאַקט?

און אַ צווייטער:

—ווי וועט איר זיך מיט אים צעטיילן.

און די באַבעס לאַכן, דאָס פעלד לאַכט, דער הימל, יעדער גראָז, אין די ניי־געבאָרענע יונגע זאַנגען באַהאַלט זיך דאָס לאַכן, איינגעהאַלטן און שעמעוודיק לאַכט די יונגע וועלט...

דערנאָך פירן מיך ווידער מענער. פּאַרוואַקסענע, שווייגנדיקע, באָרוועסע. אויפן וועג ווערן זיי מיד, זעצן זיי זיך, איך פאַל אויך אויפן גראָז.

און ווידער דערזעלבער געדאַנק: איך בין זיך אַ וועלט פאַר זיך, אַ פאַרבאָרגענע וועלט. קיינער טאָר זיך אין מיין וועלט נישט אַריינמישן. איך וויל זיך נישט קיין אמת אין די ביכער, אָט דאָס קלאָר וואַסערל, וואָס שפּריצט פון אַ קוואַל אויף מיין וועג, אָט דאָס וואַסערל, אין וועלכן די גרויסע זון שפּיגלט זיך, איז מער אמת פאַר אַלע איינגעשריבענע אמתן...

ווייט, ווייט בין איך שוין פון שטאָט, פון תפיסה, פון נח'קען און פון אַלעמען.

איך פיל זיך נישט מיד פון די עטלעכע טעג, עס איז מיר נאָך צוגעקומען כחות. עס ווילט זיך אָבער גיין גיכער, איילן צום פּונקט, וואו איך וועל שוין פריי ווערן פון מיינע באַגלייטער. איך

ניי האַסטיק און די פויערים טראַכטן, אַז איך וויל אַנטלויפן, שרייט פון זיי איינער:

מיר וועלן דיר באַלד די פיס אויך בינדן. לאַך איך פון זייער שרעק, קוקן זיי אויף מיר, ווי אויף אַ משוגענעם:

און די זון גייט אַנטקעגן אַלץ נענטער, אַלץ נענטער

אין אַ טאָג שפּעטער קום איך צוריק אין מיין שטאָט אַ פּאַר־ברענטער פון דער זון, אַן אָפּגעריסענער און איך לויף גלייך צו לינען. זי דערזעט מיך, דערשרעקט זי זיך און דערפרייט זיך אינאיינעם.

איך פּלאַפּל אַלץ אויס. איך דערצייל וועגן דער תּפיסה, וועגן גרינטשוקן און דעם אַנאַרכיסט, איך דערצייל וועגן די גנבים און קאַטאָרזשניקעס. איך מאָל פאַר איר אויס דעם גאַנצן וועג מיינעם, וואָס איך האָב געמאַכט צופוס, וועגן די באָרוויסע פויערטעס מיט די שטעקנס...

נאָר קיין וואָרט דערצייל איך נישט וועגן דעם, וואָס איך האָב געטראַכט אין פעלד, וועגן מיין באַשלוס זיך אָפּצוטיילן פון דער אָר־גאַניזאַציע.

זי וואָלט מיך נישט פאַרשטאַנען און אפשר האָט זי מיך בלויז ליב געהאַט דערפאַר, ווייל איך בין געווען אַ „טוער", ווייל מענטשן האָבן אָפט מיין נאָמען דערמאָנט...

איך האָב זיך אַליין פאַרשווויגן. איך האָב געטראַכט, אַז מיט איינמאָל וועל איך סיי ווי סיי פון דער אַרבעט נישט אַוועק: איך וועל גוט באַטראַכטן די לאַגע און דערנאָך געפינען אַ געלעגנהייט דערצו...

און אין עטלעכע טעג אַרום בין איך שוין ווידער אַריינגעשלעפּט געוואָרן אין דער אַרבעט, עס איז געווען אָנהויב זומער און אַ סך צייט פלעגט אַוועקגיין, פאַרברייגנעדיק אין וואַלד.

קרייזלעך אין וואַלד.

פאַרזאַמלונגען—אין וואַלד.

געהיימע זיצונגען און באַגעגענישן מיט לינען—אויך אין וואַלד.

דער זעלבער וואַלד, וואָס איז געלעגן אַזוי נאָנט פון שטאָט און האָט זיך געצויגן ווייט... דער זעלבער וואַלד, פלעגט מיר גאָר אַנדערש אויסזען, בעת איך פלעג דאָרט בלייבן אַליין...

אַנשטאָט מענטשן, זענען דעמאָלט די ביימער געוואָרן מיינע חברים, יעדע סאָסנע האָט צו מיר מיט גאָלד געשמייכלט און די קלאַנגען פון פייגל־כאָר, דער קוקוק, די ווייטע עכאָס... די גאַנצע וועלט זעט מיר דאַן אַנדערש אויס, געהיימער, שענער, טיפער.

אַ סך מאָל פלעג איך זיך אַזוי צענויפגיסן מיט דער אַרומיקער גרינער שטילקייט, אַז איך האָב פאַרגעסן צו קומען אויף דעם אָפּגערעדטן אָרט.

איך האָב דערזען, אַז איך קאָן זיין אַליין, זיין אַליין און זיין צופרידן. איך פלעג אָנגנבענען אַ פולע האַרץ מיט שטילע קלאַנגען, אַ פולע האַרץ מיט פרייד, מיט אַזאַ פרייד, וואָס איך אַליין האָב עס דורכגענומען...

דערנאָך, נאָך אַזעלכע רגעס, פלעגט מיין גאַנצע אַרבעט מיר אויסזען אָרעמער און נישטיקער.

נאָר מיטאַמאָל איבעררייסן האָב איך נישט געקאָנט און נישט געוואָלט—איך בין נאָך אין „עפעס“ נישט זיכער געווען.

און די אַרבעט אונזערע איז אַלץ פאַרברייטערט געוואָרן, עס האָט זיך אָנגערוקט דער ניינהונדערט פינפטער יאָר.

אַלגעמיינע שטרייקן, גרויסע דעמאָנסטראַציעס און גרויסע פאַר־זאַמלונגען.

די קאָזאַקן האָבן אַלץ מער געווילדעוועט, די תפיסות זענען אַלץ פולער געוואָרן.

איך אַליין בין שוין ווידער געווען אין טורמע און גיך באַ־פרייט געוואָרן.

איין פאַרזאַמלונג, וואָס איז פאָרגעקומען אונטער דער שטאָט, געדיינק איך ביזן היינטיקן טאָג. נישט ווייט פון שאָסיי איז דאָס פאָר־געקומען. נאָענט זענען געלעגן פעלדער מיט זאַנגען, מיט האָבער און מיט גערשטן פאַרזייט.

אַ ביסל ווייטער זענען געשטאַנען וועלדער, רואיקע, אין זיך פאַרטראַכטע.

אויף אַ בערגל האָבן זיך צענויפגעקליבן עטלעכע הונדערט מענטשן. גרעסטע צאָל פון זיי האָט זיך אויסגעלייגט פריי אויפן גראָז, אַ קליינע גרופּע איז געשטאַנען.

מען האָט אויפמערקזאַם אויסגעהערט דעם רעדנער.

און דער רעדנער—יאַקאָב דער שיינער, יאַקאָב אין וועמען אַלע מיידלעך זענען געווען פאַרליבט. ער האָט געהאַט אַ רונדן פּנים, אַ ביסל בלייך, אַרומגערעמט איז זיין פּנים געווען מיט אַ לייכטן באַנד פון טונקעלע האָר, אויגן האָט ער אויך געהאַט טונקעלע מיט אַ גלאַנץ און פול מיט ערנסט, כאָטש אַלע האָבן דערציילט, אַז ווי נאָר ער בלייבט מיט אַ מיידל באַזונדער, גייט דער ערנסט פון זיינע אויגן צוועק.

יאַקאָב איז געשטאַנען אויף אַ בוים, צווישן צוויי צווייגן־שטאַכעטן, אויף אַ נידעריקן צווייג־טרעפּל איז געשטאַנען נאָך אַ חבר. איבער יאַקאָבס קאָפּ איז געהאָנגען אַ קליינע רויטע פאָן און געדרייצט האָט נאָך אַ קלייניקייט. די פאָן איז געווען צוגעבונדן צו אַ בלאַנקן שווערד,...

איך געדיינק נישט פון וואַנעט דער בלאַנקער שווערד האָט זיך גענומען ביי דער אָרגאַניזאַציע, נאָר איצט האָט מען אים אויסגענוצט.

און אַלץ צוזאַמען:

די נאַטור אַרום, דער שיינער יאַקאָב אויפן בוים, דער שווערד ביט דער פאָן, יאַקאָבס פלאַמיקע רעדע... עס האָט געווירקט, עס האָט שטאַרק געווירקט אויף אַלעמען.

דער עולם האָט דעמאָלט געהאַט געדולד שעהען לאַנג צו שווייגן, נישט דורכלאָזן קיין וואָרט, נישט איבעררייסן. דער אָראַטאָר איז געווען ווי אַ הייליקער כהן, זיין רעדע—אַ גאָטעס דינסט.

און פלעגט זיך פלוצלונג דערהערן אַן אויסגעשריי—איז דאָס געווען פון גאַנצן האַרצן, די פייגלעך אַרום דערשרעקן זיך און אַנטלויפן, פונקט ווי מען וואָלט אויסגעשאָסן

אָט וואַרף איך אַ בליק, אַרום, אויף אַלע זייטן: פעלדער, וועלדער, אין מיטן די אַלע לאַנדשאַפטן רייסט זיך אַריין אַ גרויסע פאַבריק פון רויטן ציגל מיט אַ הויכן קוימען, וואָס ציט זיך צום הימל... שטיל־שטום, די פאַבריק שטייט, די שטאָט זעט זיך פון וויטן, איבער די הייזער שפּרינגען אַרויס אַ סך אַזעלכע קוימענס, נאָר פון קיין איינעם זעט זיך קיין רויך נישט. אין שטאָט איז אַ שטרייק. באַגינען האָבן מיר שוין אַכטונג געגעבן, אַז קיינער זאָל צו דער

אַרבעט נישט גיין. איצט קומט עס שוין אָן אַ סך גרינגער, ווי אַמאָל.
עס איז געגנוג אַריינצוגיין אין אַ פאַבריק און אויסרופן: „חברים! אין נאָמען פון דער אָרגאַניזאַציע...״ און אַלע וואַרפן די אַרבעט...

איצט זענען אַ טייל פון די שטרייקענדע געשטאַנען אויפן בערגל און אויסגעהערט דעם שיינעם יאַקאַב...

אונזער פאַרזאַמלונג איז אַלץ גרעסער געוואָרן, מענטשן זענען צוגעקומען פון אַלע זייטן, נאָר ווען איך וואַרף אַ בליק אויף דעם גאַנצן האריזאָנט, אויף דער גרויסער, ברייטער וועלט, דוכט זיך מיר שטענדיק אויס, אַז די מענטשן פאַרנעמען גאָר אַ קליין ערטעלע אויף דער ערד. די זון, דער הימל, דער ווינט און די ליידיקע ווייטקייט זענען אַזוי גרויס, און די מענטשן, די מענטשעלעך, ווי פינטעלעך, ווי פליגן זעען זיי אויס.

דער רעדנער רעדט און אַלע שווייגן און האָרכן.

אַ פויער גייט פאַרביי. פון זיין פעלד־אַרבעט גייט ער און ער קאָן אייגנטלעך נישט פאַרשטיין, פאַרוואָס די אַלע מענטשן שווייגן און איינער רעדט. גייט ער זיך ווייטער און קוקט זיך אום און גלאָצט מיט די אויגן. סוף־כל־סוף נעמט ער שטעלן גיכע טריט: ס'איז נישט זיין ענין און ער קוקט זיך שוין מער נישט אום.

און דאָ גייט ווייטער:

—חברים! מען וועט אונז נישט אָפּשרעקן, נישט מיט קאָזאַקן, נישט מיט נאַגאַיקעס, דער אמת איז שטאַרקער פאַר זיי...

שטאַרקער...

מיט אַמאָל טראָגט זיך אָן פון שאָסיי אַ ווילדע מחנה אויף פערד.

אַ שטורעם, אַ זאַווערוכע...

ווי? וואו? ווען?

ווען זענען זיי דאָ אָנגעפלויגן? פון אונטער דער ערד אַרויס־געשפרונגען, ווי די אָדלערס, ווי די שדים...

אַ שטויב האָבן די פערד אויפגעהויבן און צוגעדעקט איינצעלנדע פון דער מחנה, אָבער די גאַנצע „גראָמאַדע״ איז שוין אויף אונז, אויף אַלעמען...

צעווילדעטע אויגן, פערדישע און מענשישע קעפּ, קאָפּיטעס און נאַגאַיקעס...

צעטראָטן.

צעיאָגט.

און צעשלאָגן...

קיין ווארט נישט גערעדט, קיין באַפעל נישט געגעבן זיך פונאַנדערצוגיין. די נאַגאַיקעס האָבן גלייך גענומען ארבעטן.

די, וואָס זענען געלעגן, האָבן נישט באַוויזן זיך אויפצושטעלן און זיי האָבן געכאַפּט די ערשטע קלעפּ פון די פערדישע פיס. אַ קרעכץ, אַ געשריי...

און אַלע האָבן גענומען לויפן. ווער צום קאָרן, ווער צום וואַלד מענער, פרויען... אַלע האָבן זיך צעשאָטן איבערן שאָסיי. איבער די לאָנקעס, אין די גריבער...

און פערד ווילדע סאַפּען און שפּרינגען, ווי דאָס וואָלט אַ שפּיל געווען, אַ פאַרוויילונג...

אָט האָט זיך אַ קאָזאַק צוגעטשעפּעט צו איינעם און זיין גאנצן כעס לאָזט ער אויס צו אים אַליין. ער האָט פאַרגעסן, אַז עס זענען פאַראַן נאָך מענטשן, וועמען מען קאָן שלאָגן. נאָר אים, דעם איינעם, וואָס ער האָט אָנגעיאָגט, דרעשט ער מיט דער נאַגאַיקע.

דאָס פערד שפּרינגט אָפּ, פאַרן פערד איז שוין גענוג, ציט ער אים דער קאָזאַק צוריק, צוימט ער אים איין און שלאָגט ווידער זיין קרבן.

די קאָזאַקן זענען מיט איינמאָל געקומען, אומגעריכטערהייט. אָבער דער שרעק, אונזער שרעק איז נאָך האַסטיקער געקומען. אַן אוממענטשלעכער שרעק. ער איז מיאוס, עקלהאַפטיק, ער טוט מער וויי, דער שרעק, ווי די קלעפּ פון די נאַגאַיקעס, ער דערלאַנגט שטאַרקער, ווי דער קאָפּיט פון צעווילדעוועטן פערד. און דאָך לויפסטו און פליסט אָן אָן אָטעם און דו ביזט גרייט דיין חבר צו צוטרעטן, אַבי דיך צו ראטעווען... אַבי זיך צו באַהאַלטן...

דאָ העלפט שוין קיין זאַך נישט.

פּחדן, צי נישט פּחדן...

דאָס אנטלויפן ווערט דיין איינציקע האָפענונג, דער איינאיינציקער פארלאַנג און די איינציקע רעטונג.

ווען דער קאָזאַק זאָל דיך באלד כאַפּן און איינטיילן עטלעכע קלעפּ, וואָלסטו גלייך דערזען, אַז דאָס איז גאָרנישט אַזוי שרעקלעך,

אַז דער שרעק אַליין איז שרעקלעכער, מיאוסער...
נאָר דו לויפסט ווי אַ האָז, ווי אַ נאַר, ווי אַ צעשראָקענע חיה...
איך האָב זיך באַהאַלטן אין די קאָרן, ווי אַ שטיין בין איך אַראָפּ־געפאַלן און צוגעמאַכט די אויגן...
דאָס האַרץ האָט געשפּרונגען אין מיר מיט דעם לעצטן ווייטאָק...
נים בגלד, איך וועל עס נישט איבערלעבן.
עטלעכע זאַנגען האָבן זיך צו מיר אַראָפּגעבויגן און געדראַפּעט מיין פּנים:
—פּחדן!
די ערד אונטער מיר האָט מיך געביסן, איך האָב איינליגן נישט געקאָנט:
—פּחדן!
איך האָב זיך די ליפּן איינגעביסן ביז בלוט...
שפּעטער האָב איך געעפנט די אויגן און זיך אַרומגעקוקט:
פון מיין באַהעלטעניש האָב איך געזען די גאַנצע פּאָזיציע: אונ־זער בערגל איז שוין געווען ליידיק, דער בוים־ליידיק, די רויטע פאָן מיטן שווערד זענען פאַרשוואונדן געוואָרן. ערגעץ־וואו האָבן נאָך געטופּעט פערדישע טריט און אויפגעריסן שטויביק ערד...
די קאָזאַקן האָבן געלויערט און געזוכט די באַהאַלטענע.
איך האָב איינגעהאַלטן דעם אָטעם, איינגעצויגן די פיס, זיך צענויפגעקאָרטשעט, געוואָלט האָב איך דאַן ווערן קליין ווי אַ מילב...
ווי אַ קרעט זיך איינגראָבן אין דער ערד.
און דעמאָלט זוכט מיך.
פון וויטן האָב איך געזען, ווי די קאָזאַקן האָבן עמעצן געפירט פון אונזערע. זיי אַליין האָבן געריטן און די געפאַנגענע אין מיטן. פרויען מיט צעלאָזענע האָר, מיט צעריסענע קליידער, מענער פאַר־בלוטיקטע מיט אָפּגעדעקטע קעפּ.
דערמאָנט האָט די פּראָצעסיע אַ מלחמה־בילד פון פאַרצייטן.
די קאָזאַקן האָבן געלאַכט און זיך געבייזערט, יעדע רגע גע־סטראַשעט מיט דער נאַגאַיקע.
איין גרופּע איז דורכגעגאַנגען, אַ צווייטע גרופּע...

מיינע פאַרבלוטיקטע חברים, אַזעלכע צעקנייטשטע, בלייכע פון כעס און שרעק.

און אַרום האָט דאָס פעלד געזונגען, די זאַנגען האָבן זיך אַזוי רויק געוויגט. ווידער אַ גרופּע געפאַנגענע און עס דערמאָנען זיך מיר מאַין-רידס מעשיות, ווי די ווילדע פלעגן פאַנגען די אייראָפּייער און זיי פירן, צו מאַכן פון זיי אַ סעודה.

איך האָב אָבער נישט געהאַט קיין קראַפט צו טראַכטן; איין ווילן האָט מיך אַרומגעכאַפּט: נישט אַריינפאַלן צו די קאָזאַקן אין די הענט.

צו מיין באַהעלטעניש איז קיינער נישט צוגעקומען און די שטילקייט אַרום מיר איז נישט געשטערט געוואָרן, דאָך אָטעמען שטאַרקער האָב איך נאָך אַלץ מורא געהאַט.

און אין כעס בין איך געווען אויף ס'פייגעלע, וועלכעס האָט זיך לעם מיר פונאַנדער־געזונגען אין די קאָרן: דאָס קאָן מיך נאָך אַרויסגעבן...

איך האָב זיך איינגעשטעלט און אַ שאַר געגעבן מיט איין פוס: די קליינע פאַררעטערין איז אַוועקגעפלויגן.

מיטאמאָל — נאָענטע טריט פון אַ פערד גאַלאָפּ.

איך ציִ זיך ווידער איין, איך רוק זיך נידעריקער, נידעריקער אַראָפּ אין די קאָרן, וויפיל עס איז נאָר מעגלעך, צי איך זיך איין...

אָבער איך דערהער שוין, ווי דאָס פערד סאַפּעט איבער מיר, און ווען איך עפן די אויגן, דערזע איך אַ גרויסן פערדישן קאָפּ מיט אַן אָפענעם מויל, פון וועלכער עס שוימט...

אַ פערד, אַ ברוינער פערד שטייט און קוקט אויף מיר מיט אַ פאָר גרויסע טונקל־בלויע אויגן...

קוקט אויף מיר...

אונזערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט...

נאָר צום גליק, קאָן אַ פערד נישט ריידן און איך בין אַליין אין דער רגע שטום געוואָרן — אַנדערש נישט... ווייל איך האָב געוואָלט נעמען שרייען פון שרעק.

אויפן פערדס רוקן איז געזעסן אַ קאָזאַק מיט אַ באָרד. צו זיין זאָטל איז געווען צוגעבונדן אונזער פאַן מיטן בלאַנקן שווערד.

שטייט אַ רגע און באַטראַכט אַרום די געגנט, קוקט אַריין אין קאָרן.

און דאַכט זיך...

ער רוקט אַריין די הענט אין קעשענע... ווער ווייס? ער נעמט געוויס אַרויס אַ רעוואָלווער.

ניין!

ער זעט מיך נישט, ער זעט מיך נישט, ער זעט דאָס גאַנצע פעלד אַרום, אַלע וועלדער, אַלעביימער. ער זעט דעם שאָסיי, נאָר מיך זעט ער נישט.

פון קעשענע נעמט ער אַרויס אַ זעקעלע מיט טאַבאַק און וויקלט צענויף אַ פּאַפּיראָס...

איך קוק אויף אים, אויף זיין יעדע באַוועגונג.

גאָט! זע, ער זאָל גיכער צענויפוויקלען דעם פּאַפּיראָס זיינעם.

און דאָס פערד עפנט די נאָז-לעכער און גלאָצט אויף מיר מיט די אויגן; דאָס האַרץ פאַלט מיר איין...

עס דויערט אַן אייביקייט.

איך האָב שוין דעם קאָזאַק באַטראַכט פון קאָפּ ביז די פיס: ער האָט געהאַט אַ בלאָנדע באָרד, מיט ווייסע געזונטע ציין... מיט גוטמוטיקע אויגן...

פונדעסטוועגן האָב איך נישט געוואָלט. אַז די קאָזאַצקע גוטמוטיקע אויגן זאָלן מיך גוטמוטיק דערזען, איך האָב דאָס גחאַלדיק נישט געוואָלט.

אויף די עפּאָלעטן ביי אים איז געווען אָנגעשריבן אַ „פיר“ און אין אויער האָט ער געטראָגן אַ זילבערנעם אוירינגל... איך האָב אים גוט באַטראַכט.

ער האָט שוין פאַררויכערט דעם פּאַפּיראָס און נאָך אַלץ געבליבן שטיין, עטלעכע מאָל האָט ער אַ גלעט געטאָן דעם פערדס קאַרק און איך האָב גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, אַז ער וויל דאָס פערד אויסרוען אַ ביסל...

מיטאַמאָל אַ זעץ מיט די שפּאָרן און מען זעט אים שוין נישט.

די טריט פון פערד קלאַפּן אַלץ ווייטער, איך הער שוין גאָר נישט.

איך זע שוין גאָרנישט... עס געדויערט אַ לאַנגע רגע, ביז איך נעם ווידער קוקן אויף די זאַנגען, אויפן הימל...

איצט ערשט האָבן זיך די זאַנגען אַזוי האַרציק, אַזוי רויק פונאַנדערגעוויגט. איצט ערשט איז דער הימל אַזוי דורכזיכטיק געוואָרן.

איך בין נאָך אַ צייט געלעגן אינם קאָרן... איך האָב געטראַכט, איך האָב ווידער געטראַכט מיין געדאַנק, וועלכן איך האָב אנגעהויבן דאָן, בעת די פויערים האבן מיך צו פוס מיטן שטאָפ געפירט.

איך בין אַליין, אפילו אין מיין פחדנישער חרפה, וואס איך האָב דאָ איצט דורכגעלעבט, בין איך אויך אַליין. איך בין נישט שולדיק מער פאַר די אַלע, וואָס זענען אַנטלאָפן און איך בין נישט ווייניקער שולדיק פאַר זיי...

נאָר דאָ האָט זיך פאַר מיר געעפנט אַ סוד: איך בין נישט געלאָפן מיט מיינע פיס, איך האָב נישט מורא געהאַט מיט מיין מורא...

איך בין דאָן נישט געווען „איך", נאָר א טייל, אַ שרייפל, אַ גליד פון א גרויסער מאַסע, מיט וועלכער איך בין געלאָפן פחדניש...

איך האָב איצט שוין פרייער זיך אָרויסגעקוקט פון די קאָרן. די נאַטור האָט אַ מאָדנע אייגנשאפט: בעת אויף אַ שטיקל ערד נעמט טומלען, דוכט זיך דאַן אויס, אַז עס טומלט מיטן וואַלד, פעלד, גראָז, הימל... אַלץ טומלט מיט, נאָר ווי דער טומל גייט אַריבער און די טומלערס פאַרשווינדן, קומט דעמאָלט ווידער אָן די רויקייט, וואָס האָט נישט קיין אָנהויב און האָט נישט קיין סוף...

די רויקייט האָט זיך ווידער געלייגט אויף אַלץ, איך בין נאָך געבליבן אַ ביסל אין פעלד. איך האָב געטראַכט פון די מענטשן, פון דער וועלט און פלוצלונג האב איך אַ טראַכט געטאן, צי די וועלט טראַכט עפּעס פון מיר?..

איך בין געגאַנגען צוריק. אויפן שאָסיי האָבן זיך געוואַלגערט עטלעכע צעבראָכענע שטעקנס, עטלעכע בלוט-צייכנס האָבן זיך שוין גענומען פאַרשטויבן.

צוקומענדיק צו די ערשטע הייזער פון דער ערשטער גאַס, האָב איך באַגעגנט אַלעקן... געהייסן האט ער ביי אונז: אַלעק דער בונ־דאווצק.

— פון וואַנענט ?
— פון די קאָרן.
— דו אויך ?...
— אודאי...

און מיר האָבן ביידע, איינער דעם צווייטן גענומען דערציילן, ווי העלדיש מיר האָבן זיך באַהאַלטן.

נאָך נח'קע, איז אַלעק געווען מיין בעסטער חבר און ער איז טאַקע געווען אַ חבר, מיט אים האָט מען געקאָנט רעדן, וואָס עס האָט זיך געוואָלט.

אַלעק דער בונדאָוועץ...

ער איז געבוירן אין יידישן קוואַרטאַל. טאַטע־מאַמע זענען אים געשטאָרבן, בעת ער איז נאָך געווען אַ קינד, און ער האָט זיך אַזוי געהאָדעוועט, ווי אַ ווילד בוימל אין אַ פאַרלאָזענעם גאָרטן.

אַלעק האָט טעג און נאַכט פאַרבראַכט מיט יידישע קינדער, זיך געשפּילט מיט זיי, בעת זיי זענען פון חדר געקומען און עס האָט קיין סך נישט געפעלט, ער זאָל אַליין נעמען גיין אין חדר.

אויפן שוועל פלעגט ער אַ סך מאָל זיצן און איינהערן זיך, ווי דער רבי שרייט, ווי די קינדער שרייען נאָך : קמץ אלף „אָ".

ער האָט געוווּסט אַלע יידישע יום־טובים און פורים האָט אַלעק געהאט אַ גראַגער, פסח פלעגט ער שפּילן מיט די קינדער אין ניס. אַלעק פלעגט פירן רייסן הושענות, זוכן בלוּשץ אויף שבועות, תשעה־באב פלעגט ער זיך וואַרפן מיט שישקעס, נישט ערגער, ווי אַנדערע יידישע קינדער.

ער האָט געפּרוּווט אַרבעטן ביי אַ יידישן שוסטער, נאָר די דאָזיקע אַרבעט איז אים נישט געפעלן געוואָרן, אַלעק האָט נישט געקענט זיצן שטענדיק אויף איין אָרט... האָט ער דעם שוסטער אַוועקגעוואָרפן און ווידער געוואָרן אַ פרייער פויגל.

ער האָט געלעבט לעם די יידן און ביי די יידן אויסגעבעטן עפּעס צום עסן... פלעגן זיך יידישע יינגלעך שלאָגן מיט די קריסט־לעכע, איז ער שטענדיק געווען אויף אונזער זייט.

ער האָט שוין האַלב פאַרגעסן זיין לשון און האָט כסדר גערעדט אויף יידיש. געשאָלטן זיך, ווי אַ ייד און ווי אַ ייד געשווירן זיך...

ווי אַזוי דער דאָזיקער פרייער פויגל איז אויסגעוואַקסן און דערצו נאָך מיט רונדע פלייצעס, מיט אַ געזונטן שיינעם פנים—ווייס איין גאָט, דאָס געהער שוין אודאי צו דער נאַטורס וואונדער. ווער האָט אים געגעבן עסן? וואו האָט ער אָפּגעשלאָפן זיין גאַנצע יוגנט? צו אַלע האָבן עס געוואוסט און קיינער האָט עס נישט געוואוסט...

אַלעק איז געווען אין די יידישע געסלעך אַן אייגענער מענטש, אַ שטענדיקער, אַן איינגעזעסענער. ביי יעדער שׂרפה, ביי יעדער לויה איז אַלעק געווען דער ערשטער. אַ באַרוויסער, אַ פלינקער, פלעגט ער שטענדיק פליען ראַטעווען, העלפן און וועמען האָט ער נישט געוואוסט מיטן נאָמען צו רופן? וועלכע סודות זענען פאַר אים פאַרבאָרגן געווען?

אין אַ פיר יאָר שפּעטער, צווישן זיין קינדהייט און יוגנט, איז אַלעק געוואָרן אַ טויבן־שלעגער. טויבן זענען געוואָרן זיין ליידנשאַפט. נישט געווען קיין דאַך, וואו אַלעק זאָל נישט האָבן געקלעטערט.

אין יענע יאָרן האָב איך זיך שוין מיט אים באַקענט צוליב די טויבן. נישט איינמאָל פלעגן מיר זיך באַגעגענען ערגיץ אין אַ געסל, ער מיט אַ טויב אין בוזעם, איך מיט אַ טויב אין בוזעם.

—אַלעק, האַ? וועמעס פליט בעסער? וועמעס „וואַרפט" זיך בעסער?

און אַלעק פלעגט מיר דערציילן פון אַ שוואַרצן מיט אַ ווייסן עק... אַ זעלטענער „סאַמעץ", מען קאָן אים פאַר הונדערט מייל אַרויסלאָזן, וועט ער קומען צוריק צו זיין שטייג.

און עס פלעגט אַוועקגיין צווישן אונדז אַ געשפּרעך וועגן טויבן: יועגן נעווקעס, וויינשפּיצן, מורקאָפּן, נעלקאַפּן, שצאַלקעס, וואַרשאַוסקעס. אַ פרעמדער נישט קיין פאַרטרוויטער אין אונזערע טויבן־ענינים, וואָלט אויף אונדז געקוקט ווי אויף טערקן, ווייל אונזער לשון האָט קיינער נישט פאַרשטאַנען.

אַלעק איז אָבער געווען מער פאַכמאַן פאַר מיר. ביי אים אין קאָפּ זענען געווען די מעטריקעס פון אַלע טויבן פון אונזער שטאָט, און נישט נאָר פון אונזער שטאָט אַליין,—פון דער גאַנצער אומגעגנט אויך. מען האָט אַפילו דערציילט אויף אים, אַז ער פלעגט זיך לאָזן אַמאָל איבער די בוידעמס גנבענען די טויבן. זיכער בין איך נישט

אין דעם. קיין גנב איז אָלעק נישט געווען און צו שטאַרק איז ביי אים געווען די ליבע צו טויבן. צונעמען ביי יענעם אַ שיינעם געלע „זי" אָדער אַ ווייסן קאָסמאַטען „ער", האָט זיך נישט גערעכנט פאַר קיין גנבה.

ער האָט אַמאָל קאָנקורירט מיט מיר ביי יאַנעקן דעם שוסטער, ביי וועלכן איך בין געווען אַ לייִנגערע צייט זיין צווייטע האַנט ביי די טויבן. פאַר איין זאַך האָב איך אים דעמאָלט נישט ליב געהאַט: ער האָט איינמאָל צוריסן אַ טויב אויף צוויי שטיקער... און ביידע שטיקער האָבן זיך באַזונדער געצאַפּלט... פאַרבלוטיקטע...

איך האָב דעמאָלט געטראַכט, אַז אַ ייד וואָלט עס נישט געטאָן, און אַז איך פלעג דעם אָלעקן באַגעגנען, האָב איך אַלץ געפילט אַ שטיקל כּעס צו אים, און דאָס בילדל מיט דער צעריסענער טויב קאָן איך ביז היינט נישט פאַרגעסן.

עס זענען אַוועק עטלעכע יאָר. איך האָב זיך שוין מיט אָלעקן נישט באַגעגנט. ער איז נאָך אַלץ געלאָפן מיט די טויבן. איך בין געגאַנגען לערנען און וויפיל מאָל, גייענדיק צוריק פון לערנען, פלעג איך אים דערזען אַ פאַרשוויצטן מיט די אויגן פאַריסן צום הימל... אָי, בין איך אים מקנא געווען...

ביי מיר האָט מען צוגענומען מיין בעסטן חלום—די טויבן.

שפּעטער, אין די יאָרן פון אונזער באַוועגונג, האָב איך אָלעקן ווידער באַגעגנט. און טאַקע ביי דער מומע באַשע אין חדרל.

אָלעק האָט פאַרגעסן די טויבן און האָט ליב געקריגן דעם פּראָלעטאַריאַט. דאַן ווען איך האָב אים באַגעגנט, איז ער שוין געווען אַ „געזעסענער". דאָס הייסט ער האָט שוין פאַרבראַכט אַ צייט אין תּפיסה פאַר פּאָליטישע זינד.

גייענדיק שטענדיק צוזאַמען מיט יידישע יונגלעך, איז ער זיך אַזוי אויך געקומען צום „בונד" און איז געוואָרן אַ טרייער מיטגליד פון דער אָרגאַניזאַציע.

אָלעק האָט גערעדט בלויז יידיש און קיין אַנדער לשון האָט ער נישט אָנערקענט. ער איז געווען איצט אַ שיינער בחור מיט אַ בלאָנדן קאָפּ, נאָר אויסגעזען האָט ער ווי אַ קריסט, און דאָס האָט אים פאַרדראָסן.

—איך בין אַ גאַנצער יוד, פלעגט ער זיך שטענדיק באַרימען.

ער איז געווען באַגאַבט, דאָס, וואָס ער פלעגט הערן, פלעגט ער גאַנץ גוט פאַרנעמען און שפּעטער עס אויסנוצן.

ער האָט געגלויבט אין כּוח פון אַרבעטער.

—עס וועט גוט זיין, עסט זען!

—ווען, אָלעק? ווען וועט שוין גוט זיין? פלעגט מען ביי אים פרעגן.

—ווען די צייט וועט צייטיק ווערן... דאָס ווערטל האָבן חברים לאַנג אַרומגעטראָגן.

אָלעק האָט געקעמפט פאַר דער קולטורעלער אויטאָנאָמיע. עס זענען דאַן נאָך געווען די „איסקראצעס". אָלעק איז אַרויסגעטראָטן ביי יעדער געלעגנהייט געגן זיי.

—איר וועט אונז נישט אָפּשיידן, אַזוי פלעגט ער שרייען און מיט די ציוניסטן פלעגט ער זיך אַרומרייסן:

—מיר לעבן דאָ, מיר דאַרפן דאָ קעמפן.

אָלעקן פלעגט מען שיקן אין ראַיאָן אין די קליינע שטעטלעך, און ער פלעגט דאָרטן דרשנען אין שול, אַגיטירן פאַר אונזער אָר־גאַניזאַציע.

ער איז איצט געוואָרן אַ גאַרבער און האָט פעסט געאַרבעט, ער האָט פאַרדינט געלט און זיך בעסער אָנגעטאָן. קיין פאַרברעכער איז ער נישט געווען, נאָר איין ליידנשאַפט איז ביי אים געבליבן: די טויבן.

מיט אַמאָל פלעגט ער, ווי אַ שכּור פאַרפאַלן ווערן און—נישטאָ אָלעק.

מיר וואַרטן אַ טאָג, צוויי טעג, מיר לאָזן זיך אים זוכן.

יאָ, מיר ווייסן וואו אים צו געפינען. אונטערן שטאָט ביי דעם שמיד שטייט אָלעק מיט אַ שטעקן און טרייבט די אַלפאַרביקע טויבן.

ער פאַרשעמט זיך פאַר אונז, ווישט אָפּ דעם שווייס און קומט צו נענטער.

ווען עס וואָלט שוין געווען דער סאָציאַליזם אויף דר'ערד, וואָלט איך זיך אויסגעבויט אַ קליין הייזל און עטלעכע שטייגן פאַר די טויבן. מער באַדאַרף איך נישט.

זאָגן מיר אים:

—אַלעק, היינט פּאַרנאַכט וועט פאָרקומען אַ דעמאָנסטראַציע נעבן שטאָט־זייגער.

צינדן זיך אָן ביי אים די אויגן. ער כאַפּט אַרויף אויף גיך די מאַרינאַרקע אויף זיך און שפּרייזט מיט אונז געשווינד אין שטאָט און, גייענדיק, באַטראַכט ער אַלע איינצלהייטן פון דער פאַרנאַכטיקער דעמאָנסטראַציע.

אַלעק פלעגט זייער אָפט טראָגן די פאָן בעת אַ דעמאָנסטראַציע. ער פלעגט זיך ספּעציעל אויסקלויבן אַ געפערלעכע אַרבעט.

ביי דער מומע באַשען פלעגט ער קומען זעלטן, נאָר שטענדיק איז ער געווען איינגעהאַלטן, ער האָט געהאַט גרויס דרך־ארץ פאַר די אינטעליגענטן.

די מומע באַשע האָט אים געלערנט שרייבן און לעזן און נישט איינמאָל פלעגט מען אַלעקן באַגעגנען מיט אַ יידיש ביכל. ער פלעגט זיצן אָפט אין שטאָט־גאָרטן און קריכן מיט די אויגן איבער די קליי־נינטשקע פּינטעלעך.

אַ ביסל שווערלעך איז אים דאָס צוגעגאַנגען, מיט די טויבן איז אים דאָס אָנגעקומען אַ סך לייכטער.

שפּעטער האָט זיך אין אים פאַרליבט אַ יידיש מיידל פון יאַ־נאָווסקיס פאַבריק. אַלעק איז געווען דאַן אויפן זיבעטן הימל. איצטער ווערט דאָך זיין יידישקייט נאָך מער באַשטעטיקט. ער האָט אַ יידישע כלה מיט וועלכער ער שפּאַצירט אַרום אין די פרייע שעהען.

און ער האָט נאָך געגומען מיט מער היץ פאַרטיידיקן די קול־טורעלע אויטאָנאָמיע...

איינמאָל האָט מען אונז ביידען געשיקט קיין סופּראַסל ברייג־גען אַ ביסל אין אָרדנונג עטלעכע פאַרלאָזענע ענינים ביי די אַר־בעטער.

ס'איז געווען זומער.

זענען מיר געגאַנגען אין טייכל זיך אויסבאָדן. אַלעק האָט זיך אויסגעטאָן און איך האָב באַמערקט, אַז אויפן האַלז הייגנט ביי אים אַ צלמל. האָב איך אים אַ ווייליע אָנגעקוקט. מיין קוקן האָט אים רויט געמאַכט.

—ס'איז פון מיין מאַמען, האָט ער זיך פאַרענטפערט, איך וועל

דאָס קיינמאָל נישט אויסטאָן. און ער האָט בײַ מיר געבעטן, איך זאָל קיינעם נישט דערציילן, אַז איך האָב געזען ביי אים דאָס צלמל...

איך האָב צוגעזאָגט נישט צו דערציילן און דערביי אים שטאַרק אויסגעזידלט, וואָס ער פאַרענטפערט זיך:

—ס'איז דיין מאַמע און דיין צלמל..

און אַזוי ווי איך האָב געוואוסט זיינס אַ סוד, האָב איך אים איצט אויך עפּעס פאַרטרויט.

איצט, ווען מיר זענען ביידע געגאַנגען צוריק פון דער דורכגעפאַלענער פאַרזאַמלונג.

—דו ווייסט, אַלעק! עס קאָן זיין, אַז איך וועל אין גיכן אַוועקגיין פון דער אָרגאַניזאַציע.

ער האָט אויף מיר אָנגעשטעלט אַ פּאָר אויגן:

—פאַרוואָס?

איך האָב נאָך אַליין נישט געוואוסט, וואָס צו ענטפערן.

—ס'איז מיר עפּעס געוואָרן די לעצטע צייט, פּונקט ווי איך וואָלט געהאַט געבונדענע הענט.

—ווילסט אפשר ווערן אַן אַנאַרכיסט?

—ניין, איך וויל זיך מאַכן אַן אָרגאַניזאַציע פאַר זיך אַליין. בלויז פאַר זיך: פאַר מיין האַרץ, פאַר מיין געדאַנק, פאַר מיין ווילן...

אַלעק דער בונדאָוועץ האָט געקוועטשט מיט די פּלייצעס, ער האָט מיך נישט פאַרשטאַנען און מיר האָט זיך זייער געוואָלט מיט עמיצן רעדן.

דערווייל זענען מיר אַריין אין שטאָט, צוליב פאָרזיכטיקייט האָבן מיר זיך געשיידט.

יעדערער פון אונז האָט אויסגעקליבן אַ באַזונדער געסל, דורך וועלכע מיר האָבן זיך געגנבעט. אַלעק—צו זיין יידישער כלה און איך צו—לינען.

און אין שטאָט, אויף אַלע גאַסן האָט מען גערעדט וועגן היינטיקער געשעעניש אונטער דער שטאָט:

—מען האָט די חברה־לייט אָנגעלערנט, האָבן די בעל־הבתים געמורמלט, און די חברה־לייט זענען היינט אויף דער בירזשע נישט געקומען, ווייל קאָזאַקן האָבן פאַרנומען די גאַנצע סוראַזשער גאַס...

לינע איז אין דער היים נישט געווען. געפונען האָב איך זי ביי באַשען, ווו אונזער גאַנצער עולם האָט זיך צענויפגעקליבן. מען האָט גערעדט וועגן היינטיקער מפּלה:

— מען האָט געדאַרפט אַנטלויפן, האָב איך זיך אָנגערופן — מען האָט געדאַרפט אַנטלויפן, די קאָזאַקן האָבן זיך ווי ווילדע געטראָגן אויף אונז און דאָך איז מיר עפּעס אזוי שווער אויף דער נשמה, אַזוי מיאוס...

האָב איך דאָס נאָר אַרויסגערעדט, איז באַלד געוואָרן אַ טומל, מען האָט גענומען דיסקוטירן וועגן דעם, צי מען מעג אַנטלויפן.

נאָר מיר האָט זיך זייער נישט געוואָלט רעדן, אַ ליכטע פרעמדשאַפט איז שוין געשטאַנען צווישן מיר און מיינע חברים. איך האָב זיך אַליין פאַר זיך נישט געוואָלט מודה זיין, אַז איך בין שוין נישט זייערער.

איך האָב געקוקט דורך באַשעס פענסטערל: ווייט=ווייט איז פאַרגאַנגען די זון; עס האָט זיך געוואָלט נעמען לינען און אַוועקגיין מיט איר אהין צו דעם אָרט, ווו די זון פאַרגייט.

עס איז אָבער געווען געפערלעך אין גאַס אַרויסצוגיין. מיר האָבן זיך שוין עטלעכע מאָל זיך צוגעהערט, ווי פערד טופּען: דאָס האָבן די קאָזאַקן געזוכט און געלויערט אויף די גאַסן.

דער אָוונט איז, ווי אַ סך אַזעלכע אָוונטן, אַוועקגעשווומען אין באַשעס צימערל...

VII

# דער שווארצער באָריס...

ער איז געווען ביי אונז איינער, כמעט א חבר אונזערער, נאר אומעטום, ביי יעדער געלעגנהייט האָט ער לייכט געשפּאָסט פון אונז, איראָניזירט. באָריס דער שוואַרצער האָט ער געהייסן. א מיטלמעסיקער ווּוּקס, א שיינער ברונעט מיט שוואַרצע שטייפע האָר, לייכט געלאָקט. קוקנדיק אויף אים, פלעגט זיך מיר שטענדיק דערמאָנען דאָס רוסיש ווערטל : „ווער געבוירן מיט לאָקן, וועסטו גליקלעך זיין". ער איז באַשטימט געווען א גליקלעכער און צעפרידענער מענטש.

צו די אָרגאַניזאַציעס זענען דאָך שוין דאַן צוגעשטאַנען אַלע מיינע חדר און שול-חברים, יעדער איינער האָט צו דער אַרבעט גע- האָט א געוויסן אינטערעס, א צוגעבונדנקייט. עס זענען, פאַרשטייט זיך, געווען א סך, וואָס די „מאָדע" האָט זיי אַריינגעצויגן. עס האָט פּשוט נישט געפּאַסט אָפּצושטיין... אפילו די רייכסטע „בן-יחידימלעך" האָבן זיך „געמישט".

יעדע גימנאַזיסטקע האָט שוין געהאַט איר קרייזל און זי האָט אויף איר שטייגער „געקעמפט".

דעקלאַמירט „סאַקי-מוני", אייגגעאָרדנט „וועטשערינקעס" פאַר די אַרעסטירטע און געלייענט ביכלעך איבער סאָציאַליזם און רעוואָלוציע.

אַנדערע האָבן מיט א כיון געטראָגן טונקעלע קליידער, אונ- טערגעשאָרן די האָר און דאָך נישט פאַרגעסן צו קאָקעטירן מיט דעם אָדער יענעם אַראָפּגעקומענעם אָראַטאָר.

אויף פאַרזאַמלונגען זענען דעמאָלט אַלע געלאָפן, דורכלאָזן א פאַרזאַמלונג איז געווען אַלץ איינס, ווי דירכלאָזן א קאָנצערט.

די גאַנצע יוגנט איז שוין געווען אונזערע, נאָר דער איין באָ- ריס, גראָד אַן אינטעליגענטער יונגערמאַן, איז געשטאַנען נאָנט צו אונז, כדי צו שפּאָסן פון אונז.

געווען איז ער אַ לערער און געהאַט האָט ער די בעסטע „שטונדן" אין שטאָט.

יעדעס יאָר פֿלעגט ער אָוועקפֿאָרן אויף אַ חודש קיין פּעטערבורג, אָפּגעבן עקזאַמען, און קומען צוריק אַ פּריילעכער. דערבײַ פֿלעגט ער נאָך יעדעס מאָל פּעטערבורג העכערן דעם פּרייז פֿאַר זײַן לערערײַ.

ער האָט זיך שוין געריכט אין יענע טעג אויף אַ דיפּלאָם און דעמאָלט וועט ער נאָך מער העכערן די פּרייזן פֿאַר די „שטונדן".

ער איז נישט געווען פֿון יענע אויסגעדאַרטע לערער, נישט קיין בײַער. זײַן גאַנצע אַרבעט איז געווען בײַ אים אַ לײַכטע נעבן־זאַך. דער עיקר איז בײַ אים געווען זײַן לעבן, זײַן „איך", די געזונטע טונקעלע באַקן זאָלן נישט בלײַכער ווערן.

ער האָט זיך געחברט אין שטאָט מיט אַלע לעבע־קינדער, געשפּילט ביליאַרד אין די פֿרייע שעהען, געשפּילט אין קאָרטן—נאָר אַלץ מיט אַ מאָס, נישט אַזאַרט...

צו אונז, צו דער מומע באַשע און צום אַדוואָקאַט טרייוויש, פֿלעגט ער גאַנץ אָפּט קומען, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס ער האָט מיט אונזער קאָכעדיקן לעבן גאָרנישט געהאַט צוטאָן.

איצט דאַכט זיך מיר, אַז ער פֿלעגט קומען בלויז צוליב זײַן שפּאַס, חוזק צו מאַכן אַ ביסל פֿון די יאָלדן, וואָס ווילן איבערמאַכן די וועלט.

ער איז אָבער שטענדיק געווען אין אונזער טומל, האָט שטענדיק געקוקט אויף אונז, און די מיידלעך מיט די אונטערגעשאָרענע קעפּלעך, זענען צו אים גאָרנישט גלײַכגילטיק געווען.

און נאָך אַ זאַך. דער עיקר: איך האָב מיט אַ לײַכטן פֿאַרדרוס באַמערקט, אַז לינע שמייכלט אויך צו אים און ער אַליין האָט געזוכט איר געזעלשאַפֿט, און צוליב איר פֿלעגט ער אפֿשר צופֿיל מאָל קומען צו באַשען און מער פֿון אַלעמען האָט ער געלאַכט פֿון לינעס „קעמפֿן".

—לינע, פֿלעגט ער זיך מיט איר רייצן,—ווען שערט איר שוין אָפּ אײַערע גאָלדענע בורזשואַזע האָר? ווען וואַרפֿט איר שוין צו־אָפּ די „ריינקייט" פֿון אײַערע פּלייצעס?

פֿלעגט לינע ענטפֿערן:

— איך פֿאַרדין שוין אַליין פֿאַר זיך, איך האָב מיט מיין טאַטנס פֿרייַלעכקייט גאָרנישט צו טאָן.

— הע...

— וואָס?

— לינע, איר וועט צוריק גיין צום טאַטן, עס וועט אַריבער דער פֿריד, איר וועט צוריקגיין צו די שיינע צימערן...

— ווען מיר זען...

— ווען מיר זען...

און לינע האָט נאָך אַלץ געטראָגן שיינע קליידער. אָן מיין וויסן האָט זי איינמאָל צוגענומען אַ פּעקל, וואָס די מאַמע האָט איר געשיקט, און אין פּעקל זענען געווען עטלעכע טייערע קליידער.

האָט זיך באָריס צוגעטשעפּעט:

— נישט שיין צו טראָגן אַזעלכע דין־געוועבטע קליידער, בעת די אַרבעטער „קרעכצן אונטערן יאָך".

און לינע פֿלעגט זיך נישט שטאַרק בייזערן אויף אים. אַזאַ הצלחה האָט ער שוין געהאַט, דער באָריס: אַלע פֿלעגן אים פֿאַרשווייגן, מען האָט מיט אים נישט געוואָלט זיך אַוועקלאָזן אין אַ שווערן דיספּוט.

דאָך זענען נאָך געווען פֿיל נאַאיווע, וועלכע האָבן געגלייבט, אַז באָריס וועט זיך בייטן, ער וועט נאָך קומען צו אונז, צו דער אָרגאַניזאַציע, ער וועט אַרבעטן און ברענגען נוצן.

אַזאַ אינטעליגענטער, ענערגישער מענטש.

איך דערמאָן זיך מיינע באַגעגענישן מיט אים: ער קומט אַריין צו באַשען, באַגריסט זיך און דריקט יעדערן די האַנט, דערביי גיט ער יעדערן אַ צוגאָב: אַן איינגעהאַלטענעם שמייכל.

— וואָס הערט זיך ביי אייך אין „סאַלאָן?" וועלכע מיניסטאָרן האָט איר היינט אַראָפּגעוואָרפֿן? וויפֿיל רעוואָלוציעס האָט איר היינט געמאַכט?

מיט אַזעלכע ווערטן קומט ער אַריין, ציט לאַנגזאַם אַראָפּ די ווייסע הענטשקע...

שטענדיק געווען אויסגעפּוצט, פֿריש פֿאַרקעמט.

און שטיקלעך פון אונזערע געשפּרעכן דערמאָן איך זיך:

—באָריס, שטייט צו צו אים איינער פון באַשעס געסט, באָריס, מענטשן ברענגען קרבנות...

—אידיאָטן...

ער גיט עס בייז אַ זאָג און כאַפּט באַלד אַרויף דאָס שמייכעלע אויף די ליפּן:

—אידיאָטן, נישט קיין מענטשן.

—אַזוי גאָר...

און ער רעדט שוין מיט כּעס:

—אַ מענטש, אויב ער קעמפט, קעמפט ער בלויז פאַר זיך, טויזנט מאָל פאַר זיך.

—נאָר מען דאַרף גיין צוזאַמען, צוויי טוען מער אויף פאַר איינעם.

—צוויי באַדאַרפן דאָך אָבער מער פאַר איינעם, און זאָל זיין אַפילו ווי איר זאָגט: „צוזאַמען", זאָל זיין „צוזאַמען", אָבער—דאָס בעסטע פאַר מיר, דאָס ערשטע פאַר מיר.

—איר זענט געקומען פון גאַס, באָריס?

—יאָ, פון גאַס.

—איר זענט געגאַנגען אויף אַ גלאַטן, ריינעם טראָטואַר?

—יאָ, אודאי...

—טאָ ווער האָט עס געבויט פאַר אייך? געברוקירט די גאַס? געאַספאַלט דעם טראָטואַר? אַנדערע, אמת? אַנדערע... טאָ פאַר וואָס זענט איר נישט דאַנקבאַר?

נאָר באָריס לאַכט זיך אויס:

—לאָזט צופרידן! דער, וואָס האָט געבויט, דער וואָס האָט געמאַכט דעם גלאַטן טראָטואַר, האָט אודאי געהאַט אַ ווייב מיט קינדער, זיי האָבן געוואָלט עסן און ער האָט געמוזט אַרבעטן...

אַ מיידל שפּרינגט צו צו אים און שרייט אויס:

—עגאָאיסט!

אַ צווייטע כאַפּט אַ הויפן פון זיינע געדיכטע האָר...

און אַזוי פלעגן זיך ענדיקן אַלע דיספּוטן מיט אים.

איינמאָל, סוף ווינטער—אָנהויב פרילינג.

אין די שמאָלע רינשטאָקן האָבן זיך געטראָגן ברודנע שטראָמען וואַסער פון צעגאַנגענעם שניי און אונזער טייכל האָט גענומען ווייזן קונצן, און אַ טאָג איז אַריבער.

מענטשן האָבן גענומען טראַכטן, אַז גלאַט וועט דאָס נישט דורכגיין.

אינמיטן נאַכט האָט דאָס וואַסער גענומען פאַרטרינקען הייזער. אין דער פרי האָב איך זיך דערוואוסט, אַז אויף דער ניקאָלעווסקער גאַס ראַטעוועט מען מענטשן. אונזער טייכל האָט זיך צוגאָסן, ווי אַ ים, גראָע שטיקער אייז האָט דאָס וואַסער געטראָגן, שטיקער ברע־טער, סטאָגן היי, וואָס האָבן געווינטערט אויף די פעלדער, שטרוי פון דעכער...

איך האָב געקוקט אויף דעם אַלעם און געפילט אַ פאַרגעסענע פרייד. ווי ליב איך האָב אין מיין קינדהייט געהאַט אָט די דאָזיקע טעג, ווען וואַסער שטראָמט...

און דאָ שלעפט מען פון די הייזער בענק, שאַפעס, טישן, מ'ראַ־טעוועט מענטשן...

איך בין געשטאַנען און געפילט, ווי איך לעב אויף... די דיס־קוסיעס, דאָס שטענדיקע טומלען און די געפאַר פון אונזער לעבן האָט מיך צו שטאַרק פאַרהאַרטעוועט... איצט, צוזאַמען מיטן אייז פון ווינטער איז אויך דער אייז פון מיין נשמה אַראָפּ...

פרילינג וועט קומען.

און איך ווייס נישט, פאַרוואָס איך האָב גענומען טראַכטן פון לינע אַבראַמזאָן, געוואָלט לויפן צו איר, לויפן און אַנטלויפן מיט איר פון אַלעמען.

איך וואָלט נאָך לאַנג אַזוי געטראַכט, האָב איך פלוצלונג דער־פילט אַ האַנט אויף מיין פלייצע: באָריס דער שוואַרצער איז געשטאַ־נען לעם מיר:

—קום, לאָמיר העלפן ראַטעווען, האָט ער מיר אַ זאָג געטאָן און ממש מיך אַוועקגעפירט אין אַ נאָענט געסל צו די נידעריקע הייז־לעך, פון וועלכע מען האָט אַלץ אַרויסגעטראָגן.

—דו, באָריס, גייסט ראַטעווען פרעמדע מענטשן? האָב איך ביי אים געפרעגט.

—אָט אַזוי האָט זיך מיר פאַרוואָלט, און אַז עס וועט זיך מיר ווע̄לן, וועל̄ איך אפשר גיין אויך אויף די באַריקאַדן. פאַרשטייסט! מיר האָט זיך אַזוי פאַרוואָ̄לט... קיינער האָט עס מיר נישט געהייסן, אין קיין ביכ̄לעך האָב איך עס נישט געלעזן, דאָס וואַסער האָט מיך אַ ביסל צערייצט מיט זיין ווילדן שטראָמען... קום!

מיר האָבן דאַן אַ צייט געאַרבעט, איך מיט באָריסן און נאָך אַ סך אָנגעלאָפענע. געאַרבעט ביזן שווייס.

ביז דאָס וואַסער איז שוואַכער געוואָרן.

קומענדיק שפּעטער צו דער מומע באַשע, האָב איך עס פאַר אַלעמען דערציי̄לט. קיינער האָט עס נישט געוואָלט גלויבן און פון דער נעשיכטע האָבן זיי ווידער באַשלאָסן, אַז באָריס וועט סוף־כל־סוף צושטיין צו דער אַרבעט... ער וועט נאָך ווערן אַ גוטער סאָציאַליסט.

נאָך איינער האָט זיך אָנגערופן, אַז דאָס איז אַ פּאָזע, און לינע, וועלכע האָט אַלץ אויפמערקזאַם אויסגעהערט, האָט צוגעגעבן:

—עס איז נישט קיין פּאָזע, ער איז אַ גאַנץ וואוילער בחור.

נאַרישע אייפערזוכט...

זאָגט עס אַן אַנדערער, וואָלט עס מיר גאָרנישט געאַרט. אַלע צוזאַמען זאָלן עס זאָגן... איז גאָרנישט.

נאָר לינע... עס האָט מיך אַ שטאָך געטאָן, דאָך האָב איך זיך באַלד געכאַפּט און צוגעגעבן:

—לינע איז גערעכט: באָריס איז אַ וואוילער בחור.

—אַ וואוילער עגאָאיסט, האָט זיך ווער אָנגערופן.

—אַבי אַ וואוילער, אַלע מענטשן זענען וואוילע.

דאָס איז שוין געווען דער קול פון דער גוטער באַשע.

און אַזוי ווי דאָס וואַסער איז נאָך אינגאַנצן נישט שטיל געוואָרן, האָבן מיר זיך אַלע געלאָזן צום טייך.

אויפן וועג האָבן מיר באַגעגנט באָריסן.

—איר האָט שוין אַלע מענטשן געראַטעוועט?

דאָס האָט אים לינע געפרעגט.

און ער האָט זיך פאַרדרייט אַ פּאַפּיראָס און געענטפערט:

—איצט מעגן זיי שוין דערטרונקען ווערן, מיין מענטשן, [illegible]

האָט זיך שוין אָפּגעקילט.

און ווייסט איר, ווו ער האָט אונז גערופן? אַרייַנגיין זען ווי מען שפּילט ביליאַרד.

פאַר אונז איז דאָס געווען אַ באַליידיקונג. פאַר וועמען נעמט ער אונז אָן?

נאָר איין לינע האָט זיך אָנגערופן:

— קום, קומט אַלע אַרײַן!

זי איז שוין גרייט געווען, נאָר מיר האָבן זיך אַלע קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט און עס איז פון דעם גאָרנישט געוואָרן.

מער האָט נישט געפעלט, נאָך צו די ביליאַרדטשיקעס צו גיין, ווען דאָס באַמערקט אַ נח׳קע, צי אַ צווייטער.

און באָריס האָט שוין געהאַט אַ שטיקל אַרבעט: אָפּצולאַכן פון אונז, פון אונזער פרומקייט...

— מען דאַרף האָבן אין לעבן טויזנט אויגן און טויזנט הערצער, אַלץ ליב האָבן און אַלץ פיינט האָבן, מען דאַרף קאָנען אַלץ אַרומנעמען, אַרומכאַפּן מיט די הענט, און פיס האָט גאָט דעם מענטשן געגעבן, ער זאָל קאָנען דורכשפּרייזן די גאַנצע וועלט, נישט צו טופּען מיט זיי שטענדיק אויף איין אָרט.

אין דער צייט, ווען אונזער פאַרזאַמלונג איז דורכגעפאַלן הינטערן שטאָט, איז ער געווען אין פּעטערבורג, ווען ער איז צוריקגעקומען, האָט ער זיך דערוווסט וועגן דעם. איך האָב אים אַליין דערציילט, ווי פּחדניש מיר זענען אַנטלאָפן...

האָט ער מיך אַזוי אָנגעקוקט און פּלוצלונג זיך אָנגערופן:

— דו וועסט ביי דעם נישט בלייבן, וועסט אַוועקגיין פון זיי.

— פון וואָס נעמסטו עס?

— וועסטו שוין זען...

און אַזוי ווי איך וואָלט זיך דערשראָקן פאַר אַן אמת, האָב איך מער וועגן דעם מיט אים נישט געוואָלט רעדן.

אויסער דעם האָב איך געהאַט אויף אים אַן אויג.

ער האָט צופיל געקוקט אויף לינען און זי האָט צופיל צו אים געשמייכלט.

איך האָב זיך מיט איר ווייניקער איצט געזען, ביי טאָג איז

זי געווען פאַרנומען מיט אירע לעקציעס און איך האָב זיך אין גאַס נישט געטאָרט ווייזן, מען וואָלט מיר גלייך אַרעסטירט. נישט געווען קיין גאָראָדאָוואָי אין מיין שטאָט, וואָס האָט מיך נישט געקענט...

אין דער זעלבער צייט איז אַרעסטירט געוואָרן אַ חבר, וועלכן מען האָט געדאַרפט עפּעס אָנזאָגן, ער זאָל זיך וויסן, ווי צו האַלטן אויף אַ „דאָפּראָס".

דאָס האָט געמוזט גלייך ערלעדיקט ווערן, עמיצער האָט געמוזט אַריין אין „אַרעסט" און יענעם איבערגעבן עטלעכע ווערטער

אין אַ שפּאַס האָט באַשע זיך אָנגערופן צו באָריסן:

—איר, באָריס האָט עס געדאַרפט טאָן, אייך וועט מען לאַנג נישט האַלטן, איר זענט אַ לעגאַלער...

און ליבע איז אויך צו אים צוגעשטאַנען:

—גוט! איך וועל גיין, אָבער ווי אַזוי? פאַר וואָס זאָל מען מיך אַרעסטירן?

מען האָט געקלערט פאַרשידענע קאָמבינאַציעס און מען האָט אויסגעקלערט: באָריס זאָל אַריינגיין אין אַ שענק, אויסטרינקען עטלעכע גלעזלעך בראָנפן און עטלעכע גלעזלעך אויסגיסן אויף די קליידער, כדי פון אים זאָל טראָגן מיט בראָנפן...

און אַליין זאָל ער אַרויסגיין אין גאַס און זיך מאַכן שיכור, וועט מען אים אַרעסטירן און אַזוי וועט מען דעם חבר קאָנען איבערגעבן, וואָס מען באַדאַרף.

באָריס האָט איינגעשטימט, נאָר מיט איין באַדינג: מען זאָל דאָס קיינעם נישט דערציילן, מען זאָל נישט זאָגן, אַז ער האָט געטאָן אַ טובה דער אָרגאַניזאַציע...

און אַזוי איז געשען: שפּעט אין אָוונט, ווען אויף די גאַסן זענען שוין נישט געווען קיין שפּאַצירנדע, האָבן מיר באָריסן אַוועקגעפירט אין אַ שענק, ער האָט אַלץ געטאָן, ווי מיר האָבן אָפּגערעדט: האָט געטרונקען בראָנפן און זיך באַגאָסן מיט בראָנפן...

דערנאָך האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט אויף אַ „ראָג", נישט ווייט פון פּאָליציי־אַרעסט און האָט גענומען זינגען...

מיר האָבן פון ווייטן אַכטונג געגעבן—אַ גאָראָדאָוואָי איז צו אים צוגעגאַנגען און אַזוי, ווי ער האָט נישט אויפגעהערט צו שרייען און

יונגען, האָט מען אים אװעקגעפירט.

די זאַך האָט זיך איינגעגעבן...

אויף מאָרגן איז באָריס צוריקגעקומען מיט אַ זויערער מינע:

— איך האָב שוין געליטן פאַר דער מענטשהייט.

און ער דערציילט, סאַר אַ נאַכט ער האָט פאַרבראַכט אין שמוץ און אין ענגשאַפט, דערביי האָבן אים די גנבים אין אַרעסט־הויז עטלעכע גוטע קלעפ דערלאַנגט:

זיי האָבן אים טאַקע אָנגענומען פאַר אַ שיכּורן...

און אין דעם זעלבן אָנהויב זומער איז געשען אַן אומגעריכטע זאַך: באָריס דער שוואַרצער איז אויף אַן אמת אַרעסטירט געוואָרן און מען האָט אים פעסט געהאַלטן.

דאָס איז געווען אַ פאַרפלאָנטערטע געשיכטע: באָריס האָט איינמאָל ביינאַכט אויפן וואָקזאַל באַגעגנט א באַקאַנט מיידל, וועלכע איז נאָר וואָס געקומען צו פאָרן. דאָס מיידל האָט געהאַט אַ געליבטן, וועלכער איז געזעסן אין אונזער שטאָטישער תּפיסה. דער געליבטער אירער איז געווען אַ באַוווּסטער אַנאַרכיסט פון ריגע. דאָס מיידל און אירע חברים האָבן צוגעגרייט אַ פּלאַן, ווי אַזוי אַרויסצוראַטעווען דעם אַנאַרכיסט פון הינטער די קראַטעס. קומענדיק צופאָרן איצט פון אַ ווייטער שטאָט, האָט זי באַגעגנט באָריסן און געבעטן ביי אים, ער זאָל איר ערלויבן איבערצונעכטיקן ביי אים, אין זיין לעגאַלן צימער. זי איז מיט אירע פעקלעך געקומען צו באָריסן און, איידער די נאַכט איז אַוועק, איז אָנגעקומען פּאָליציי מיט זשאַנדאַרמען און אַרעסטירט דאָס מיידל מיט באָריסן אינאיינעם.

ביים מיידל אין די פעקלעך האָט מען געפונען אַ לייטער פון שטריק, אַ זעגעלע דורכצוזעגן די קראַטעס, און אַנדערע מכשירים.

באָריס איז דאָ געווען אינגאַנצן אומשולדיק: ער האָט בלויז אַ טובה געטאָן אַ מענטשן, געהאַנדלט ווי אַ דזשענטעלמען און האָט דערפאַר באַצאָלט.

מען האָט אים געשמידט און אַוועקגעפירט קיין גראָדנע, אין דער גובערנסקער תּפיסה. — דערציילט האָט מען, אַז ער האָט זיך זייער שטאָלץ געהאַלטן, ער האָט קיינעם נישט „פאַרשאָטן", קיין איבעריק

וואָרט נישט אַרויסגערעדט, כאָטש ער האָט געוואוסט מער, וויפיל ער האָט באַדאַרפט וויסן.

אַ בריוועלע האָט ער אָנגעשריבן, וואו ער האָט אונז אַלעמען גוטמוטיק געזידלט און ווידער געלאַכט פון אונזערע „אידעאַלן" און געענדיקט האָט ער זיין בריוועלע מיט אַזעלכע ווערטער:

„מיר איז באַשערט אומזיסט צו ליידן, נאָר איך האָב נישט צו קיינעם קיין פּרעטענזיעס. זאָל זיך מיר דאַכטן, אַז איך בין געפאַלן און צובראָכן אַ פוס... באַשערט אַן אומגליק, פאַרפאַלן"

ער האָט אויך געבעטן, מען זאָל אים צושיקן ביכער און ער האָט זיך גענומען אין תפיסה גרייטן צו זיינע עקזאַמענס

זיין בריוועלע האָבן מיר שוין געלייענט אויף זומער־וואוינונג, וואו אונזערע באַקאַנטע האָבן זיך איבערגעקליבן.

אונטער אונזער שטאָט איז געלעגן אַ גרויסער ווייטער וואַלד און די זומער־וואוינונגען זענען געווען זייער נאָענט. אַזוי, אַז אַלע פאַרזאַמלונגען און זיצונגען פלעגן איצט פאָרקומען אין וואַלד. אונזערע רייכערע באַקאַנטע האָבן דאָ אויך געלעבט. איינער נישט ווייט פון צווייטן. דער וואַלד האָט געאָטעמט מיט אונזערע סודות, מיט אונזערע לידער און פאַרלאַנגען.

די מומע באַשע האָט דאָ אויך געהאַט איר ווינקעלע, אַרום וועלכן אַלע האָבן זיך קאָנצענטרירט.

לינע אַבראַמזאָנס פאַמיליע, דער אַדוואָקאַט טרייוויש מיט זיינע שיינע טעכטער—אַלץ איז דאָ אין וואַלד געווען.

און אַפילו די אַנאַרכיסטן, די „בייזע יונגען", ווי מען פלעגט זיי רופן אין שטאָט, זיי האָבן זיך אויך אָנגעשטעקט מיט דעם בור־זשואַזן מנהג, זיי האָבן געדונגען אַ גרויסע שטוב אין וואַלד, וואו עס איז געוואָרן זייער זומערדיקער „שטאַב".

אַלע זייערע גדולים זענען דאָ געווען. די צוויי שטאָלצע ברי־דער ברומער, וועלכע זענען אַוועק פון אונז און געוואָרן אַנאַרכיסטן. זייער אַוועקגיין האָט אונז אַן אמתן עגמת־נפש פאַרשאַפט. דאָ אין „שטאַב" איז אויך געווען דער פלאַמיקער חבר ליפעץ, אַ זון פון רייכע עלטערן, אַ מענטש, וואָס איז גרייט געווען יעדע מינוט צו גיין אין פייער. ווייטער, דער באַרימטער זיידעל, שמואלקע—אַ קליינטשקער בחור מיט

בייזע אויגן, „סטריזשקע", וואָס זיין פאַמיליע־נאָמען איז געווען לאַ־פידוס, זיין גאנצע משפחה איז אין שטאָט געווען באַקאַנט פאַר זייער שווייגנדיקע מענטשן.

— די שווייגנדיקע לאַפּידוסעס, אַזוי פלעגט מען זיי רופן. דער זעלבער „סטריזשקע" איז שפּעטער צעריסן געוואָרן אין פּאַריז דורך אַ באָמבע, וועלכע ער האָט געוואָלט וואַרפן אויף קלעמאַנסאָ. די בעל־הביתטע פון דער קאָמפּאַניע איז געווען שערקאַ שערעשעווסקאַ, אַ בעל־הבתישע טאָכטער. וועלכע האָט פיינט געהאַט בעל־הבתים מיט דער גרעסטער שנאה, אין אָדעס האָט מען זי שפּעטער אויפגעהאָנ־גען...

אָט די חברה האָט זיך באַזעצט אין וואַלד, אין אַן אָפּגעזונ־דערט הויז און געלעבט קאָמוניסטיש.

אין מיטן זומער איז פון תפיסה צוריקגעקומען באַריס דער שוואַרצער. אַ פאַרוואַקסן פּנים איז ביי אים געווען און שווערע טריט פלעגט ער שטעלן, ער האָט זיך פּשוט אָפּגעוויינט צו שפּרייזן אין תפיסה.

נאָר די טונקעלע אויגן האָבן געשמייכלט און איראָניש גע־לאַכט:

— וואָס? איר קעמפט נאָך אַלץ? ניין! פלעגט ער ווייטער רעדן, אויב קעמפן, וואָלט איך שוין אַזוי בישט געקעמפט. מיר געפעלן שוין בעסער די אַנאַרכיסטן. די אמתע אנאַרכיסטן. אין תפיסה איז ביי אונז אַזאַ איינער געזעסן, ער האָט געהאַט איין געזעץ: „איך".

איבער אַ וועלט מיט טויטע קערפּער וואָלט דער מענטש דורכ־געגאַנגען. אַ, יענער געפעלט מיר, ער האָט נעגל... אַ מענטש באַדאַרף האָבן נעגל.

האָט זיך באַשע אַריינגעמישט אין די רייד:

— אויף אַזאַ אופן, באַריס, זענען די שענסטע מענטשן געווען טאַמערלאַן, נעראָן און אנדערע דעספּאָטן...

— אַ מענטש באַדאַרף האָבן נעגל, האָט באַריס ווידער זיינס געטענהט.

ער איז געווען אַ ביסל פאַרביטערט, נאָר אינגיכן האָט ער

אויפגעהערט צו ריידן וועגן דער תפיסה און אַנאַרכיסטן. ער האָט זיך צעזעגנט מיט מיר פּאָקראַטנע אַרומגעגאַנגען זייער געצעגעגאַלט און געגנומען לערנען.

ער פלעגט קומען צו אונז אין וואַלד, זיך אויסציען אויף דעם גראָז, אָדער אין האַמאַק און שטענדיק צוגעבן:

— אַ מחיה, בעסער ווי אין טורמע.

אַרום אים האָט דאָס לעבן געקאָכט. מענטשן זענען אין פייער געקראָכן, אויף די גאַסן פלעגן אַלץ אָפטער בלוטיקע דעמאָנסטראַציעס פאָרקומען, נאָר אין באָריס האָט געלערנט פלייסיק...

אין וואַלד פלעגט ער קומען אין די פרייע שעהען... און געשמייכלט צו לינען.

איך האָב דעמאָלט געפירט אַ מאָדנעם לעבן, ווי אַ חיה פלעג איך זיך אַרויסגנבענען פון וואַלד. דורכלויפן עטלעכע גאַסן אין שטאָט. אויסשמעקן... ווי עס האַלט מיט די שטרייקן און אין אָוונט אַנטלויפן צוריק אין מיין נאָרע, אין וואַלד.

לינע אַבראַמזאָן איז אַלץ קעלטער געוואָרן צו דער „אַרבעט", זי האָט שוין נישט באַזוכט די קרייזלעך און, ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוואוסט, איז זי שויז עטלעכע מאָל געוועזן אין דער היים, ביי טאַטע־מאַמע.

און איינמאָל האָט זי מיט מיר פאַרפירט אַן ערנסטן שמועס:

— דיך האָב איך ליב און מיט דיר וויל איך אַנטלויפן, מיט דיר אומעטום, נאָר זיי אַלע זענען מיר פרעמד, איך וויל זיך נישט גענאַרן.

איך אַליין האָב שוין איצט אַנדערש געאַרבעט ווי פריער: סאיז ביי מיר געווען מער חוב, ווי פאַרלאַנג, מער געוואוינהייט ווי באַגייסטערונג, און דאָך, בעת לינע האָט אַזוי קאַטערגאָריש אַוועקגעשטעלט די פראַגע, האָט עס מיך באַליידיקט, איך האָב זיך נישט געוואָלט אונטערגעבן איר ווילן און איך האָב גענומען מיט אַלע אַמאָליקע אַרגומענטן פאַרטיידיקן אונזער אַרבעט.

זענען מיר געוואָרן אַביסל ביידלעך איינער אויף דעם צווייטן.

זי האָט מיך געריצט איצט מיט איר שווייגן. זי איז איצט נאָך שע־

נאָר געוואָרן און רואיקער, פלעגט זיך בלויז חברן מיט באַשען און ביז... באָריסן.

די מומע באַשע האָט באַמערקט, אַז לינע איז אָפּגעקילט געוואָרן צו דער פּאַרטיי־אַרבעט, נאָר זי האָט עס איר גלייך מוחל געווען.

—יעדער מענטש האָט זיין ווילן, בלויז זיין ווילן, מען טאָר קיינעם נישט צווינגען טראַכטן אַנדערש, ווי ער טראַכט, פילן אַנדערש, ווי ער פילט.

נאָר איך האָב זיך געראַנגלט. דאָס איז געווען פאַר מיר איצט אַ שווערע פראַגע: לינע אָדער די אָרגאַניזאַציע.

פלעג איך אַנטלויפן אין שטאָט און אַ סך מאָל דאָרט נעכטיקן, און דאָס האָט איר געקריינקט. זי פלעגט מיר פאָרוואַרפן און איך האָב זיך פאַרטיידיקט, און ענדיקן פלעגט זיך עס דערמיט, וואָס איך בין שוין אין אַזאַ טאָג אויף קיין פאַרזאַמלונג נישט געגאַנגען. אַרומגעבלאָנדזשעט מיט איר אין וואַלד... ביז איך דערהער בערל דעם דרוקערס קול. ער שרייט אויס מיין נאָמען.

—וואָס איז?

—מען וואַרט דאָך אויף דיר, שוין דריי שעה, ווי אַן עולם וואַרט... האָסט פאַרגעסן, וואָס?

פאַרשעמט איך זיך און איך אַנטלויף שוין מיט בערל דעם דרוקער.

—לינע, צום ווידערזען.

אָבער לינע שווייגט, און נישט געזעגנט זיך מיט איר.

איך גיי אַוועק צו פרעמדע מענטשן. אויפן וועג גייען מיר ביידע—איך און בערל דער דרוקער. מיר שווייגן. ער האָט צו מיר גרויסע פּרעטענזיעס, בערל. מיט וואָס פאַר אַ רעכט פטר איך אַזויפיל שעהען מיטן מיידל? די גאַנצע אָרגאַניזאַציע האָט צו מיר פרעטענזיעס.

מען האָט זיך ווייניק צערמאָניעט מיט אונז. אָבער די אַלע שטעכווערטלעך און באַמערקונגען פלעגט לינע מער עמפינדלעכער אויפנעמען, ווי איך, און פון טאָג צו טאָג האָט זי זיי אַלץ מער פיינט געקריגן:

—מיט וואָס פאַר אַ רעכט קריכן זיי דיר און צו מיר אין דער נשמה?

—קינד, זיי זענען גאָרנישט אַזוי שלעכט.

אָבער זיי זענען מיר פרעמד.

—איך גיב זיי אָפּ מיין לעבן.

—שוין גענוג אָפּגעגעבן, פלעגט זי בייז ענטפערן און אָנטשוויגן ווערן אויף שעהען־לאַנג.

די מומע באַשע האָט געוואוסט, וואָס ביי אונז קומט פאָר און זי האָט זיך געסטאַרעט אונז צו באַרואיקן:

—לינע איז יונג און איז אַנדערש ערצויגן. פאַרוואָס זאָלסטו טאַקע מיט איר נישט אָוועקפאָרן.

—אָבער באַשע! דאָס הייסט איבעררייסן מיט אַלץ און מיט אַלע־מען, נעמען זיך צו גאָר אַן אַנדער לעבן...

—יאָ, יאָ! האָט באַשע צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ...

און באַשעס „יאָ־יאָ" האָט מער געווירקט, ווי אַלע אַרגומענטן, מער ווי לינעס בייזקייט. איך האָב גענומען קלערן פלענער און איך וואָלט געוויס געקומען צו אַ וועלכן עס איז באַשלוס, נאָר אין יענע טעג בין איך ווידער אַרעסטירט געוואָרן. איצט בין איך שוין געקו־מען אין תפיסה, ווי אַן אַלט באַקאַנטער גאַסט, די אַרעסטאַנטן האָבן מיך אויפגענומען, ווי אַן אייגענעם מענטשן... נאָר דאָס האָט ווייניק געטרייסט: אויפן גאַס איז געווען זומער און אין קאַמער הייס, ווי אין אַ גיהנום.

דער, וואָס איז קיינמאָל נישט געזעסן, יענער ווייס נישט, וואָס דאָס הייסט: „אַ טאָג אין תפיסה". יעדע סעקונדע איז אַ שטיק בליי, יעדער שטראַל פון גאַס, וואָס פאַלט אַריין דורך די קראַטעס, שטעכט דיך, ווי אַ שפּיז. איינער דעם צווייטן ווערט פאַרמיאוסט ביז גאָר. כאָטש נעם און קריך אויף די ווענט און בייס די שטיינערנע וואַנט. ווי לעבט מען דאָס אַריבער?

מיט פאַרגליווערטע אויגן פלעג איך קוקן אויף דער גאַס דורך די קראַטעס. ווייט־ווייט האָבן זיך געזען פורן און מענטשן. דאָס לעבן גייט זיך מיט זיין גאַנג, נאָר מיר, אַ קליינע צאָל מענטשן, זענען דאָ אַריינגעוואָרפן אין אַ לעבעדיקן קבר...

און מיטאַמאָל האָב איך גענומען טראַכטן פון באָריסן.

יעדן טאָג קומט ער צו איר, צו לינען... עד איז פריי פון אַלע אָרגאַניזאַציעס און פאַרטייען. ער... ווער ווייסט?

אין אַזעלכע שעהען פלעגט די תּפיסה נאָך ערגער ווערן, אויך דער נשמה פלעגט זיך אַוועקלייגן אַ שטיק גרויקייט, ווי דער טויט־דער סוף איז געקומען.

די סאַמע שרעקלעכסטע מאָמענטן פלעגן זיין די, ווען ליבע פלעגט קומען אין תּפיסה צו מיר אויף אַ זעאונג. אין עטלעכע קורצע מינוטן האָט זי געוואָלט אַלץ דערגיין, אַלץ וויסן, און דאָ לאָזט מען קיין סך נישט ריידן.

אָנשטאָט צו פרעגן ביי איר, ווי עס האַלט מיט מיין ענין ביי די זשאַנדאַרמען, פלעג איך אומישנע אויספרעגן וועגן די באַקאַנטע, געוואָלט האָב איך הערן באָריס נאָמען...

נאָר איך פרעג גאָר אַן אַנדער פראַגע:

—צי בייִנקסטו נאָך מיר, ליבע.

עס פאַרוואונדערט איר מיין פראַגע. זי קוקט מיך אַ רגע אָן און לאַכט זיך פונאַנדער, אין די ווענט פון דער תּפיסה קלינגט עס לאַנג אָפּ איר געלעכטער.

דעמאָלט האָט זיך די שטימונג אין לאַנד געביטן יעדע פאַר וואָכן: דאָ איז די רעגירונג געוואָרן זייער שטרייַנג און דאָ באַלד געביטן די שטרייַנגשאַפט אויף ליבעראַליזם...

און אין די דאָזיקע „בייטענישן" פון דער פּאָליטישער אַטמאָספער, האָט מיך אָפּגעגליקט: איך בין פריי געוואָרן.

אין אַ דושנע פאַרנאַכט האָב איך דערהערט מיין נאָמען אויסרופן.

בין איך צוגעלאָפן צו דער טיר:

—נעם די פּעקלעך דיינע און גיי אַהיים, האָט אויסגעשריען דער נאַדזיראַטעל.

און איך זאָג דאָס אויף זיכער: עס לוינט אָפּצוליגן אַ לייַנגערע צייט אין תּפיסה, כדי צו פילן דערנאָך דעם טעם פון די עטלעכע ווערטער:

—נעם די פּעקלעך דיינע און גיי אַהיים.

מען גייט נישט דעמאָלט, נאָר מען לויפט, מען פליט. עס ווילט זיך קושן דעמאָלט די גאַנצע וועלט, עס ווילט זיך טאַנצן.

און גלייך פון דער תּפיסה טאַקע, מיט מיין פּעקל אין האַנט, בין

איך געלאָפן אין וואַלד אַריין.

עס איז שוין געווען שפּעט זומער. בעת איך בין אַוועק אין תּפיסה, זענען נאָך אויף די עטלעכע פעלדער נעבן וואַלד געשטאַנען זאַנגען, איצט איז דאָס שוין געווען אָפּגעשניטן און איך האָב גע־שפּרייזט אויף די אונטערגעשניטענע שטרוי־וואָרצלען.

דער וואַלד איז שוין געשלאָפן, נאָר מענטשן האָבן נאָך ערגעץ וואו געזונגען: דאָס האָבן אונזערע קרייזלעך געשטערט די שטילקייט פון אָנגעקומענעם אָוונט.

איך האָב זיך געסטאַרעט, מיט קיינעם זיך נישט צו באַגעגענען.

איך בין געלאָפן צו לינען...

און אָט שפּרינגען שוין אַרויס פון די דאַטשע־הייזער פייערלעך, נענטער, אַלץ נענטער... אָט איז שוין די טייערע ווערענדע. איך זע שוין לינען, באַשען און באָריסן...

באָריס אויך מיט זיי. עס דערלאַנגט עפּעס אַ קלאַפּ אין האַרצן, און איך גנבע זיך אונטער צו דער ווערענדע.

און איך הער, מען רעדט פון מיר, מען דערמאָנט מיין נאָמען, נאָר איך וויל קיינמאָל נישט הערן, וואָס מענטשן ריידן פון מיר אונ־טער די אויגן... דערלאַנג איך אַ פּאַטש מיט די הענט און שריי אויס דאָס ערשטע, וואָס מיר קומט אויפן צונג:

—עס לעבע די פרייהייט...

—ווער שרייט... וואָס איז דאָס? דו?..

לינע לויפט צו צו מיר די ערשטע און פאַלט אַרויף מיר אויפן האַלז. באַשע קושט זיך אויך מיט מיר. באָריס איז אַ ביסל איבערראַשט, נאָר קושן קושט ער זיך נישט מיט מיר. ער פלעגט דאָס שטענדיק זאָגן:

—מיט קיין מענער קוש איך זיך נישט.

אין קורצע ווערטער דערצייל איך, ווי אַזוי מען האָט מיך אַרויסגעלאָזן און איך בעט אויף גיכער אַ שיסל מיט וואַסער, ווייל איך בין שמוציק, ווי אַ בער, וואָס איז אין אַ בלאָטע פאַרקראָכן.

ביידע פרויען נעמען לויפן... עס ווערט אַ שטיקל יריד אַרום באַשעס ווערענדע.

און איך הויב אויף די אויגן. איך קוק אַריין אין שוואַרצן וואַלד: עס גלויבט זיך נאָך נישט, אַז איך בין שוין פריי. הערכט,

אין אַ וואַלד זיך באַהאַלטן, אין אַ מדבר אַנטלויפן אַבי נישט גיין צו די מענטשן אין תּפיסה...

הערסט לינע! עס וועט אַלץ גוט זיין, מירן זיך שוין געבן אַן עצה...

און זי טרעט גלייך צו צו אירס...

— איצט, אַז דו ביזט שוין פריי, איצט וועל איך דיר שוין מער אין טורמע נישט לאָזן גיין, זאָלן שוין אַנדערע קעמפן פאַר דער וועלט, מיר דאַרפן אויך לעבן.

— גוט, גוט, גוט... אַלץ וועט זיין גוט...

און אויף מיין ערן וואָרט...

איך האָב אין יענעם אָוונט נישט געטראַכט פון דער מענטשהייט, נישט פון קאַרל מאַרקסן, נישט פון פראָלעטאַריאַט...

אַ צייט זענען מיר נאָך געזעסן און געפלאַפּלט. איך האָב דערציילט פון די אַרעסטאַנטן — מערקווירדיקע טיפּן פאַראַן צווישן די מערדער, מערקווירדיקע צופאַלן פון זייער לעבן...

באָריס האָט זיך אָפּגעטראָגן, ער האָט געהאַט אַ סך באַקאַנטע אין אַלע דאַטשע־הייזער, וואָס זענען דאָ אַרום געשטאַנען.

און באַשע איז אַוועק שלאָפן.

עס איז געווען אַ וואַרעמע נאַכט. די לופט איז געווען אויסגעמישט מיט ריחות פון געוואַרעמטע עפּל און פעך. דער וואַלד האָט זינדיק־פאַרעטעריש געשוויגן.

און מיר זענען אַוועק טיפער אין וואַלד. דאָ און דאָרט זענען געווען אויסגעהאַקטע ערטער, אויף וועלכער די גאַנצע ליכט פון דער לבנה האָט זיך אויסגעגאָסן.

מיר זענען אַלץ ווייטער געגאַנגען. מיר האָבן גענומען רעדן פון פאַרשידענע זאַכן. לינע האָט מיר דערציילט, אַז שוין עטלעכע וואָכן, ווי נח׳קע איז פאַרשוווּנדן געוואָרן פון שטאָט, די לעצטע צייט איז ער עטלעכע מאָל געווען אין וואַלד, נאָר מיט איר, מיט לינען האָט ער נישט געוואָלט רעדן און מיט באַשען אויך נישט.

ער האָט געהאַלטן, אַז די צוויי פרויען האָבן מיך אַראָפּגעפירט פון וועג...

נאָר וואָס מיר נח׳קע!

און וואו מיר באַשע!

אַז לינע שטעלט איצט אַזעלכע מידע טריט, אַז ווייטער גיין ווילט זיך נישט און אַרום־אַרום איז שטיל און קיין לעבעדיקער נפש איז נישטאָ...

און באָריס, זאָגט זי, האָט צו איר גערעדט אַזעלכע מאָדנע ווער־טער, אַז בלויז איינמאָל לעבט מען אויף דער וועלט, און וועגן מיר האָט ער געזאָגט, אַז איך וועל שוין אַזוי גיך פון תפיסה נישט אַרויס.

יאָ... ער איז גערעכט געווען, באָריס: בלויז איינמאָל לעבט מען אויף דער וועלט, און אין יענער נאַכט האָט די וועלט געהערט צו מיר...

VII

# שמואלקע אַנאַרכיסט.

שמואלקע איז צוערשט געווען אַ בונדאָוויעץ און שוין דעמאָלט האָט די אָרגאַניזאַציע געהאַט פון אים צרות: שמואלקע איז געווען פאַר טעראָר.

ביי יעדן פאַל, ביי יעדער געלעגנהייט האָט ער געשריגן, אַז מען דאַרף נישט האָבן קיין רחמנות. קאַמף איז קאַמף...

ער איז געווען דער אמתער בונטאָווטשיק ביי אונז, אַן אומרואיקער, שטענדיק בייז, ווי אַ וואָלף...

נאָר איין זאַך איז געווען, וואָס האָט אָפט צו שאַנד געמאַכט זיין גאַנץ פייער און זיין גאַנצן פּראָטעסט: שמואלקע איז געווען אַ שטאַמלער... ביי די וויכטיקסטע פראַגן פלעגט ער נעמען שטאַמלען און דאָס וואָרט גאָט, פלעגט ער אָפּזאָגען אַ פערטל שעה.

אַ זון פון אַ מלמד, אַ פרומער יוד איז זיין טאַטע געווען און, ווי אַ פרומער יוד, האָט ער געהאַט אַ געניטען טוץ קינדער און געלעבט אין גרויס דלות, איז אַזאַ שמואלקע אויסגעוואַקסן אין הונגער און האָט גענומען פאַרשטיין אויף זיין שטייגער, אַז אויף דער וועלט הערשט אַ גרויסע אומגערעכטיקייט... האָט ער אַלץ געוואָלט איבערבייטן מיט אַמאָל... מיט איין מאָל אַראָפּברייגגען די גלייכקייט, מיט איין מאָל זיך אָפּרעכענען מיט אַלע טיראַנען און שלעכטע מענטשן.

ער איז געווען זייער אומגעדולדיק, אָט דער שמואלקע, און אויסער דעם איז ער געווען אַ שיין ביסל באַליידיקט פון דער נאַטור: אַ קליינער, אַ דאַרער מיט איין אויג אויסגעקרימט...

און דער עיקר: זיין שטאַמלעריי. ער האָט שטענדיק אויף אַלץ אַן ענטפער, ער האָט שטענדיק געוואָלט אַלעמען איבערשרייען.

פון דער מומע באַשעס חדרל איז ער אַרויס, פון די אינטימע קרייזלעך, אויף דער „בירזשע”, פון דער „בירזשע” איז ער אַוועק

אויף גרויסע פאַרזאַמלונגען. שמואלקע פלעגט שטענדיק ריידן צום עולם, האָט שטענדיק פּראָטעסטירט און שטענדיק געווען אין דער אָפּאָזיציע.

ער האָט בלי־ספק געהאַט טאַלענט צום רייזן, געהאַט אַרגו־מענטן און איז געווען באַלעזן, נאָר ווידער דאָס אומגליק: דער צונג. זיינער פאַרהאַקט זיך ביים וואָרט „קאַמף" און עס גייט ווייטער נישט. דער דאַרער קעמפּער האָט דערפון געהאַט גרויסע צרות און בזיונות:

—מיר מוזן פירן דעם קאַ...קאַ...

עס ווערט אַ געלעכטער, דאַן נעמט ער גלאַנצן מיט די אויגן און קוועטשט מיט גרויס מאַטערניש אַרויס דאָס וואָרט.

און בעת לצים פלעגן לאַכן, האָט מען געזען, אַז אַזאַ שמואלקע וואָלט מענטשן דערפאַר צום טויט פאַרמשפט...

אין אַ שיינעם טאָג האָט שמואלקע אָנגעהויבן אַרומצושפּאַצירן מיט נאָטקען דעם וואַשליקאָווער און אַ ברומערײ איז אַוועק אין אונ־זערע קרייזן: נאָטקע דער וואַשליקאָווער איז געווען אַן אַנאַרכיסט, אַ געשטעמפּלטער אַנאַרכיסט.

אויך אַ נידעריקער מיט רונדע געזונטע פּלייצעס, מיט אַ גלאַטן רואיקן פּנים. ער איז שוין פון פריער באַוואוסט געווען פאַר אַ קאָרטן־שפּילער, פאַר אַ שאַרלאַטאַן. אין אַ סך סקאַנדאַלן און געשלעגן איז זיין נאָמען דערמאָנט געוואָרן. נאָטקע האָט ליב געהאַט אַן עס צו טון און אַ טרינק צו טון. געווען איז ער אַ מייסטער אין אַ דאַמף־וועבערײ און האָט שטענדיק געהוליעט מיט די קריסטלעכע וועבער. קיין צוטרוי האָט מען צו נאָטקען נישט געהאַט, נאָר מורא האָט מען פאַר אים אָנגעהויבן צו האָבן, בעת ער האָט זיך גענומען רופן אַנאַר־כיסט און איז געוואָרן אַ גאַנצער מחותן מיט זיי.

און דער נאָטקע איז געוואָרן אַן אַנאַרכיסט. צוליב וואָס? אין שטאָט האָט מען עס גאַנץ ריכטיק פאַרשטאַנען: נאָטקע האָט דאָך גע־האַט דערפון די מעגלעכקייט צו האָבן פולע קעשענעס מיט געלט.

אַ ריזיקאַנט איז ער געווען, און אַז מען האָט געדאַרפט, איז ער אַליין געגאַנגען אויף אַן „עקס". דאָס וואָרט „אַנאַרכיסטן" האָט גע־נוג געווירקט... די בעלי־הבתים פלעגן עפענען די קאַסעס און אָפּ־געבן געלט און צירונג. נאָטקע איז געווען אַן אַנאַרכיסט ליב זיך

פאַר זיך, פאַר זיין מאָגן...

בעת אַזאַ שמואַלקע האָט געהונגערט, טראָגנדיק ביי זיך באַ־האַלטן די גאַנצע קאַסע פון די קאָמוניסטן, איז זיך נאָטקע דעמאָלט געלעגן אין די שיינקען, אָדער געשפּילט אין קאָרטן...

שפּעטער איז מאָטקע נאָך באַרימט געוואָרן:

אין שטאָט האָט מען איינמאָל אין אַ רויקן פאַרנאַכט דערשאָסן דעם יידישן פאַבריקאַנט, מאָרעינאַ. דאָס איז געווען אַן אָרנטלעכער בעל־הבית, אַ בעל־צדקה, אַ שטילער. ער איז נאָרוואָס געקומען פון מעריב־דאַווענען, זענען אַריין צו אים אין שטוב עטלעכע יונגעלייט און פאַר דער ווייב מיט די קינדער אין די אויגן אים דערשאָסן. פאַרוואָס? עפּעס איז געווען אַ מעשה מיט אַ שטרייק, נאָר נישט דאָס איז געווען דער עיקר: מאָרעינען האָט מען דערשאָסן דערפאַר, כדי אָנצושרעקן אַנדערע.

ווי אַ דונער, האָט עס דעמאָלט דערלאַנגט אין מיין שטאָט.

עס איז דעמאָלט טרויער געווען אין אַלע הייזער. הרגענען אַ מענטשן עפּעס צוליב אַ שטרייק! הרגענען אַ בעל־הבית, כדי אָנצושרעקן אַנדערע בעל־הבתים... און אַזאַ רויקן מאָרעינאַ, אַזאַ נאָכגעביקן מענטשן...

מיטן טויט שרעקן די לעבעדיקע, און ווער? יידן האָבן דער־הרגעט אַ ייד...

מען האָט דעם דערהרגעטן מאָרעינאַ געמאַכט אַ גרויסע לויה. אַ האַלבע שטאָט מענטשן זענען נאָכגעגאַנגען. אין כעס איז מען דע־מאָלט געווען אויף אַלע פּאַרטיי־מענטשן. אונזער אָרגאַניזאַציע האָט דעמאָלט אַרויסגעלאָזט אַ פּראָקלאַמאַציע, אין וועלכער זי האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעשאָקלט פון דעם ווילדן טעראָר, און אַלס פּראָטעסט געשיקט אַ דעלעגאַציע אויף מאָרעינאַס לויה.

ביי די אַנאַרכיסטן האָט דאַן אונזער אָנטייל אויף דער לויה אַרויסגערופן אַ גרויסן טומל.

סטייטש!

אויף אַ בורזשואַזער לויה גייען זיי. סטייטש!

און זיי האָבן זיך אויף אונז געוואָרפן פון אַלע זייטן. עס איז זיי צוגעקומען אַן אַרגומענט קעגן אונז און זיי האָבן אים ברייט

אויסגענוצט. מען האָט וועגן דעם פאַקט גערעדט אויף אַלע פאַר־זאַמלונגען, אויף דער „בירזשע" — עס האָט זיך זיי איינגעגעבן אָפּ־צוציען ביי אונז עטלעכע מיטגלידער.

שמואלקע איז שוין דאָן אינגאַנצן אַוועק פון אונז. ער איז איצט אינגאַנצן געווען מיט נאָטקען, פאַר נאָטקען...

און מיר האָבן געהאַט פאַקטן, אַז נאָטקע האָט אָנטייל גענומען אין מאָרד. און אַז מען האָט נאָטקען איינמאָל אויג אויף אויג דאָס פאָרגעוואָרפן, האָט ער עס שטאַרק נישט געלייקנט.

שמואלקע איז אַוועק פון אונז, די אָרגאַניזאַציע האָט מיט אים נישט קיינע פאַרבינדונגען, נאָר ביי אונז אין די אויגן איז ער אויסגעוואַקסן.

יעדער מיטגליד פון דער אַנאַרכיסטישער גרופּע איז ביי אונז אין די אויגן געווען אַ מין ספינקס. עפּעס גייען זיי אויף טויט, אויף בלוט... זיי שטעלן זיך פאַר קיינעם נישט אָפּ, פאַר קיין זאַך נישט.

איך האָב זיי אויסגעמיטן. עס האָט מיר אַלץ אויסגעדוכט, אַז יעדער פון זיי האָט אויף זיין געוויסן מענטשלעך בלוט, נאָר זיי האָבן מיך געניייגערט. איך פלעג זיי פאָרשן פון דערווייטן: זייער לעבן מיט זייערע סודות

עס זענען צו זיי אַלץ מער חברים צוגעקומען פון אויסלאַנד, — אינטעליגענטן האָבן זיי פיל געהאַט, אַלץ באַוווּסטע נעמען פון אונ־זער שטאָט. די אַנאַרכיסטן האָבן מיט אונז קאָנקורירט, געלאַכט פון אונז, אין קיין מיטלען זיך נישט פונאַנדערגעקליבן...

בלאָסע יונגען מיט פאַרביסענע ליפּן. אפשר איין נאָטקע האָט דעמאָלט געלעבט אַ טאָג אויפן חשבון פון די „עקסן", אפשר ער איינער, נאָר די איבעריקע זענען געווען אַסקעטן, העלדן מיט מסירת-נפש.

כמעט יעדע וואָך איז עפּעס פאָרגעקומען:

אַ באָמבע אויפן פּאָליצמייסטער... צעהאַקט אויף דער גאַנצער גאַס די שויבן, אויסגעריסן אַ בוים.

אַ באָמבע אויף אַ פאַבריקאַנט.

געשאָסן, געשטאָכן און גערויבט... צוגעשטעלט דעם רעוואָלווער צום האַרצן און...

— אין נאָמען פון די אַנאַרכיסטן...

שמואלקע האָט געאַרבעט מער פאַר אַלעמען.

אָ, איצטער האָט שוין קיינער פון אים נישט געלאַכט, בעת ער פלעגט זיך פאַראיקען און נישט קאָנען אַרויסרעדן דעם „קאַמף".

עס איז איינמאָל געשען אין בית־המדרש אַ פאַקט, וואָס האָט אָנגעלערנט, זיך צו באַציִען מיט מער רעספּעקט צו שמואלקען...

אויף אונזער אַ פאַרזאַמלונג אין בית־המדרש זענען געקומען מיט שמואלקען עטלעכע אַנאַרכיסטן, זיי האָבן געוואָלט אָפּאָ־נירן אונזער רעדנער.

האָבן אונזערע חברים געשטערט די אַנאַרכיסטן, געפייפט און געקלאַפּט — נישט געלאָזט דעם אַנאַרכיסט קומען צום וואָרט.

דעמאָלט איז שמואלקע ארויפגעשפּרונגען און אַרויסגעכאַפּט פון קעשענע אַ באָמבע...

— אַ „מאַקאַדאָנקע", איז דורך אַ געמורמל צווישן עולם.

און שמואלקע האָט אַ געשריי געטאָן:

— שווייגט, איר זעט דאָס קיילכל? עס קאָן פון אייך אַ קאַשע ווערן.

דער עולם איז שטום געוואָרן און קיינער האָט נישט געוואַגט צו לאַכן, בעת שמואלקע האָט זיך אַ פּאָר רגעס געמאַטערט מיט זיין „קאַקאַקאַשע".

די „מאַקאַדאָנקע" האָט געווירקט.

אויף מאָרגן האָבן אונזערע אומעטום דערציילט, מיט וואָס פאַר אַ מיטלען די אַנאַרכיסטן אַגיטירן, מען האָט פּראָטעסטירט און אומע־טום זיי געטאַדלט.

אפילו עטלעכע פון זייערע מענטשן האָבן געזאָגט, אַז אַזאַ האַנדלען איז מיאוס און גראָב...

נאָר שמואלקע איז דאָך אויסגעוואַקסן. מען האָט פאַר אים מורא געהאַט.

אין שטאָט זענען פאָרגעקומען נייע „עקסן". אונזער לאגע איז געווען נישט גוט, ווייל די אַלע געשעענישן האָט מען אויף אונז אַרויפגעוואָרפן.

די בעל־הבתים פלעגן זיך ווייניק־וואָס פונאַנדערקלויבן: ווער און וואָס?

איין עגטפער האָבן זיי געהאַט אויף אַלץ:

—די היינטיקע, די חברהניקעס—אַלץ זייער אַרבעט.

ביי שמואלקען זענען אַלץ גרעסערע סומען געלט געלעגן און נאָטקע האָט אַלץ מער געשיכורט.

שמואלקע נישט... שמואלקע אַליין האָט געלעבט אין דלות. ער האָט, ווייזט אויס, אויף אַן אמת געוואָלט איבערמאַכן די וועלט.

ער האָט נאָך אַלץ געטראָגן זיין אָפּגעריבענעם רעקל, זיינע צעדרייטע שיך.

ער האָט זייער ווייניק געזאָרגט פאַר זיך. די ליפּן זיינע האָבן זיך נאָך מער פאַרביסן. עס איז געוואָרן שווער מיט אים צו דיספּוטירן—עס איז אויסגעוואַקסן אַ בייזער פאַנאַטיקער

און דאָך פלעגט ער זיך נאָכאַמאָל אַריינכאַפּן אין חדרל צו דער מומע באַשע. עפּעס האָט אים נאָך צו אונדז געצויגן. כאָטש מיר אַלע פלעגן זיך פון אים אַלץ מער אָפּטרייסלען.

עפּעס האָט אים געצויגן...

איינמאָל האָט מיר לינע דערציילט, אַז שמואלקע האָט מיט איר עטלעכע שעה גערעדט.

—וועגן וואָס?

האָט זי זיך פונאַנדערגעלאַכט:

—וועגן וואָס רעדט אַ מיידל מיט אַ בחור...

—יאָ, ער איז פאַרליבט אין מיר און, אַז איך וואָלט געוואָלט, פאָרט ער מיט מיר מאָרגן אַוועק קיין אויסלאַנד, ער האָט באַוויזן אַ פּאַק מיט געלט.

פאַר מיר איז דאָס געווען אַ גוואַלדיקע איבעראַשונג. איינס, וואָס שמואלקע, וואָס אַ זאַ שמואלקע קאָן זיך אויך פאַרליבן, און צווייטנס, וואָס ער האָט פאָרגעלייגט אַוועקפאָרן מיט לינען, אַנטלויפן מיט דעם געלט, וואָס געהערט צו זיין גרופּע, צו זיינע חברים... הייסט עס, אַז שמואלקען איז אויך נישט פרעמד דער עגאָאיזם.

—אַזוי גאָר, און וואָס האָסטו אים געענטפערט, לינע?

—איך האָב געלאַכט, איך האָב אים געזאָגט, אַז דערווייל ליב איך איינעם.

—און מיט וואָס האָט זיך עס געענדיקט?

ער האָט מיך זייער געבעטן, איך זאָל דאָס קיינעם נישט דער־צײלן, דיר אויך נישט...

—און דו האָסט געהאַלטן וואָרט?

—דו זעסט דאָך...

—שמואלקע האָט געהאַט אַ כּעס אויף מיר צוליב לינען. איך האָב עס געפילט שוין פון לאַנג. ער פלעגט וואַרפן בייזע בליקן אויף מיר.

דאָס איז געווען אַ ביסל אייפערזוכט און אַ ביסל אַנדערע „מענטש־לעכע" געפילן, אַנאַרכיסטישע.

אפילו לינע האָט געזאָגט, אַז זי האָט אָפט פאַר אים מורא.

איינמאָל, אַרויסגייענדיק פון באַשען, איז שמואלקע מיט מיר מיטגעגאַנגען.

לינע איז געבליבן ביי באַשען.

שמואלקע האָט זיך צו מיר געווענדט:

—דאָס בורזשואַזע מיידל האָט דיר דעם קאָפּ פאַרדרייט.

איך האָב זיך פונאַנדערגעלאַכט. רעדט שמואלקע ווייטער:

—איך וואָלט מיט אַזעלכע נישט אַרומגעגאַנגען. וואָס יאָגסטו זיך, נאָך איר נדן?

—שמואלקע, זאָג איך צו אים גוטמוטיק—דאָס איז דאָך מיין זאַך, מיין פּריוואַטע זאַך.

—נישטאָ ביי קעמפער קיין פּריוואַטע זאַכן.

—און נאָטקע מיט זיין שיכּורן און מיט זיינע קאָרטן...

קוקט ער אויף מיר און שאָקלט צו מיטן קאָפּ.

—דו גלייכסט זיך צו נאָטקען, דו ווייסט נישט און קיינער ווייסט נישט, וויפל נוצן ער ברענגט אונז.

וואָס ער האָט געמיינט מיט נאָטקעס „נוצן", האָב איך נישט פאַרשטאַנען ביזן היינטיקן טאָג.

אָבער וועגן לינען האָב איך נישט געוואָלט ריידן און דאָס האָב איך אים טאַקע געבעטן:

—לאָמיר וועגן דעם נישט ריידן, דו וועסט מיך נישט פאַר־שטיין.

—נישט ריידן? יאָ, אַז מען דריקט אייך צו צו דער וואַנט

ווילט איר נישט ריידן. איר זענט אַלע אַזעלכע... וועסט נאָך אַליין ווערן אַ פאַבריקאַנט, אַן עקספּלאָטאַטאָר...

ער איז געגאַנגען זײַן גערעדט און געשאָלטן די גאַנצע וועלט. אַלע זענען פאַלש און שלעכט. מען דאַרף אַלע מיט באָמבעס אויפֿרייסן.

איך האָב אים אויך געקאָנט צודריקן צו דער וואַנט, ווען איך דערמאָן אים דעם געשפּרעך, וואָס ער האָט געפירט מיט ליבען, נאָר דאָס וואָלט געווען אַ צו גרויסער פּאַטש... און איך האָב זיך אָפּגעהאַלטן פון דעם.

איך האָב אַ קוק געגעבן אויף זײַן דאַרן קערפּערל. געטראַכט האָב איך פון זײַן בייזקייט... דער יונג האָט געהאַט אַ ביטערע קינדהייט.

געוואָלט האָב איך אָפּקירעווען אונזער געשפּרעך, אַריבערגיין אויף אַ צווייטער טעמע און איך האָב ווידער גענומען ריידן וועגן נאָטקען:

—זאָג מיר, שמואלקע: איר זענט צוויי חברים פון איין אידעע, פון איין אָרגאַניזאַציע, דו און נאָטקע.

—יאָ...

—דו גייסט אַרום אַזוי פאַרשוואַרצט און אויסגעדאַרט און נאָטקע הוליעט און לעבט אַ טאָג.

—יעדער האָט זיך זײַן כאַראַקטער, האָט שמואלקע קלערנדיק געענטפערט. נאָטקע איז אַ נוצלעכער מענטש ביי אונז, נאָר ער האָט ליב אַ לעב צו טאָן. זאָל ער זיך הוליען, איך באַדאַרף עס נישט.

איך האָב אים געכאַפּט:

—האָב איך זיך אויך מײַן כאַראַקטער, מיר געפעלט אַ בורזשואַזע מיידל מיט איר לאַכן, מיט איר זאָרגלאָזיקייט.

שמואלקע האָט זיך אָבער נישט אונטערגעגעבן:

—הײַנט גייסטו מיט איר און מאָרגן מיט איר טאַטן... ניין! דאָס איז אַ פּערראַט.

—שמואלקע, איך וועל דיך עפּעס פרעגן...

ער האָט אָנגעשטעלט די אויגן אויף מיר און געוואַרט.

—ווי וואָלט זײַן, שמואלקע, ווען אַזאַ בורזשואַזע מיידל, ווען

[illegible] לינע אַבראַמזאָן גייט צו צו דיר און זאָגט דיר, אַז זי האָט דיך ליב, זי קושט דיך... האַ! שמואלקע! זי איז דאָך אַ שיינע, אַ שטיק רייץ פון לעבן.

שמואלקע האָט אַ קרוזש געטאָן מיט די ליפּן און אָפּגעשלעפּט [illegible] זיין ענטפער.

בין איך צוגעשטאַנען.

האָט ער שוין מיט כּעס געענטפערט:

—אויב דאָס וואָלט געשען ביי מיר... מיט מיר, דאַן וואָלט איך איר אַראָפּגעריסן אַלע שפּילקעלעך מיט די קרייזעלעך... אַלע רייכע קליידלעך. יאָ זי וואָלט ביי מיר אויסגעזען, ווי די בלייכע מיידלעך פון יאַנאָווסקעס טאַבאַק־פאַבריק, זי וואָלט ביי מיר געאַרבעט, געליטן.

—זי אַרבעט דאָך, שמואלקע...

-אויך מיר אַן אַרבעט! געבן עטלעכע לעקציעס... אויך מיר אַן אַרבעט.

אינמיטן ריידן איז ער נאָך בייזער געוואָרן און איז האַסטיק אַוועק פון מיר.

בין איך געבליבן אַ רגע אַ צעטומלטער:

פריער נח'קע...

איצט שמואלקע...

יעדערער האָט פּרעטענזיעס, זיי האָבן מיר שוין איינגערעדט, אַז איך באַגיי אַ פאַרברעכן מיט דעם, וואָס איך באַגעגן זיך מיט דער בורזשואַזער מיידל...

און וואָס גייט אים אָן, שמואלקען, וואָס לינע לאַכט און מונ־טערט אונז מיט איר זאָרגלאָזיקייט.

איך האָב זיך פונאַנדערגעלאַכט צו זיך אַליין.

עס גייט אים טאַקע אָן: ווען זי וואָלט געלאַכט צו אים אַליין, ווי זי לאַכט צו מיר, ווען זי וואָלט אים אַזוי געקושט... דעמאָלט וואָלט ער אפשר די רייד נישט גערעדט.

שיינע קליידלעך טראָגט זי—אויך אַ זינד.

נייע מצוות האָבן זיי אויסגעטראַכט: די ברוסט דאַרף זיין איינ־געפאַלן, ווי ביי יאַנאָווסקיס טאַבאַק־מיידלעך און די באַקן בלייך...

זיי זענען אַלץ בייזער געוואָרן, די אַנאַרכיסטן.

און באַשע פלעגט עס אַזוי רואיק אַרויסריידן:

—זיי זענען בייזע יונגען, בייזע...

שבועות איז אין וואַלד געווען אַ גרויסע אַגיטאַציע־פאַרזאַמלונג. עס איז אומעטום געווען יום־טוב: אין שטאָט, אין וואַלד. דאָס גרינס האָט ווי געפילט, אַז היינט איז יום־טוב, די גרויסע פלאַכטעס בלוי־קייט צווישן די ביימער האָבן געשמייכלט צו אונז. מיר האָבן זיך איינציקווייז געגנבעט און וואַלד־פלאָנטער.

טיפער, טיפער אין וואַלד אַריין.

די פאָליציי—אַז זי וועט אפילו האָבן טויזנט קעפ, וועט זי אונז נישט געפינען, אַזוי טיף זענען מיר אין וואַלד פאַרקראָכן.

איך בין געגאַנגען מיט לינען.

אונטער אונז—איינצלנע מענטשן און פאָרלעך. צווישן דעם ים גרינס האָבן געשטראַלט און געקאָלירט זיך ווייסע און רויטע קליידלעך.

אָט איז אַ גראָבן אין וואַלד.

מען דאַרף אַריבערשפרינגען—איינס צוויי... איך בין שוין אויף יענער זייט, איך שטרעק די האַנט צו לינען... ניין עס איז אומ־מעגלעך. וויל איך זי אַריבערטראָגן, איז דאָס אויך אומעגלעך.

און דערצו לאָזט זי זיך נישט נעמען אויף די הענט.

שפרינג איך אַריין אין גרוב און איך בויג זיך איין.

זי לאַכט זיך פונאַנדער און שפרייזט אַריבער מיין קאַרק.

מיר לאַכן ביידע...

גייט פלוצלונג פאַרביי שמואלקע און דערלאַנגט אויף אונז אַ בייזן בליק, אַ ציטער גייט אַריבער...

וואָס איז ער אַזוי בייז, שמואלקע?

וואָט טוט ער אויף אונזער פאַרזאַמלונג?

דאַכט זיך, אַז די „בייזע יונגען" קלויבן זיך דאָ צו מאַכן אַ קאָנצערט.

די לעצטע צייט האָט זיך עס אַזוי געפירט: זיי פלעגן קומען אויף אַראָפּרייסן אונזערע פאַרזאַמלונגען.

מיט זיי צו קעמפן איז געווען זייער שווער, ווייל זייערע מיט־לען האָבן מיר נישט באַנוצט... מיר האָבן זיך געוואָלט מיט זיי האַלטן אַנשטענדיק, מורא האָבן מיר נישט געהאַט, ווייל די גאַרבערס זענען

געווען מיט אונז און מיט די גאַרבערס אפילו אין פייער אַריין.
דער עולם האָט זיך צונויפגעקליבן. אויפן גראָז אונטער די ביימער זענען שוין געווען אַ סך מענטשן. גרופּעס זענען דאָ און דאָרט געזעסן. מען האָט געוואַרט, דער רעדנער זאָל קומען.
מיר זענען געווען עטלעכע וויאָרסט פון שטאָט, עטלעכע וויאָרסט טיף אין וואַלד אַריין.
די מורא פאַר אַ דורכפאַל איז פאַרשווונדן געוואָרן, פּונקט, ווי מיר וואָלטן זיך אינגאַנצן פאַרלאָזט אויף די אַלטע סאָסנעס, וועלכע האָבן ווי אַ רעטונגס־קרייז אונז באַשיצט.
אַ שושקעריי איז פּלוצלונג אַדורך:
— דער רעדנער איז געקומען...
און דער רעדנער, דער „צווייטער לאַסאַל״ איז אַרויפגעקראָכן אויף אַ בוים און זיך דאָרט באַקוועם איינגעאָרדנט צווישן צוויי צווייגן.
דער גרינער שאָטן האָט אים געמאַכט בלייכער און ערנסטער.
ער האָט אָנגעהויבן ריידן.
עס איז געווען שבועות און ער האָט טאַקע וועגן דעם יום־טוב גערעדט.
ער האָט עס צוגעגליכן צו אונזערע טעג, ווייל מיר ווילן אַ נייע תורה שאַפן, דערביי האָט ער ציטירט עמיצנס אַ פערז:
„נישט גאָט וועט אונז געבן,
„נישט משה וועט ברייינגען
„די תורה פון אמת אויף דר׳ערד...
ער האָט גערעדט וועגן אַ נייעם באַרג סיני...
עס האָט אַלעמען פאַרייניקט זיין רעדע. אַ שטומע באַגייסטערונג האָט אַרומגעכאַפּט דעם עולם. ווערט ער שטיל אויף אַ רגע דער לאַסאַל און ציט אָפּ דעם אָטעם... הערט מען דעמאָלט, ווי דער וואַלד שווייגט, אַ פייגל נעמט זינגען און האַקט באַלד איבער..
„שטילער, לאָז אים זינגען, דעם מענטשן, שטילער, פייגעלע!״
אַלע אויגן קוקן אויף דעם רעדנער.
— פרילינג איז היינט, ניין, דאָס איז נאָך נישט קיין פרילינג, דער אמתער פרילינג וועט ערשט קומען דעמאָלט, ווען דער מענטש וועט אינגאַנצן פריי זיין...

אין דעם דערהערט זיך אַ שטאַרקער פייף.

און עטלעכע מענטשן לאָזן זיך פונאַנדער. איך גיב אַ קוק: דאָס איז שמואלקעס גרופּע. איינער פון זייערע קריכט אויף א צווייטן בוים און נעמט דרשנען.

„זיידעל".

האַ !... ער איז שוין געקומען פון אויסלאַנד זייער העלד.

אויפן צווייטן בוים איז אַרויפגעקראָכן אַ ברייט־בייניקער בלאָנ־דין, מיט אַ פּראָסטן פּנים, מיט געזונטע הענט.

זיידעל מיט אַן אויפגעשפּילעטער ברוסט:

— חברים! די אַלע שיינע יונגעלייטלעך מיט די געשליפענע צינגלעך, חברים! די אַלע בורזשויסקע בנים פאַרטשאַדען אייך פּראָסטע דעם קאָפּ, מען „פאָרמולירט" אייך די ציין, מען האַקט אייך אַן אָפּצאָס... גלויבט זיי נישט! גייט זיך אַליין, ווו איר ווילט און טוט אַליין, וואָס איר דאַרפט טון.

עס איז געוואָרן אַ טומל, אַ ליאַרם. סטייטש! ווי רייסט מען זיך דאָס אַריין אויף אַ פרעמדער פאַרזאַמלונג מיט אַזאַ חוצפּה.

מען האָט גענומען פּראָטעסטירן, מען האָט שוין געוואָלט זיך שלאָגן.

נאָר זיידעל — ווי נישט אים מיינט מען דאָס.

און... מען האָט אים געוואָלט הערן, די גרעסטע צאָל צענויפ־געזאַמלטע האָט אים געוואָלט הערן.

בלויז עטלעכע צענדליק פון אונזערע געטרייע חברים האָבן געוואָרפן בייזע בליקן אויף זיידלען און אויפן עולם.

אויף איין בוים איז געשטאַנען „לאַסאַל" און געוואָלט ריידן.

אויף דעם צווייטן בוים — זיידעל דער אַנאַרכיסט. ער האָט געפּרעדט און געוואָרפן פייער, ווי אַ ברענענדיקער פאַנטאַן...

— נישטאָ קיין ווארטן, נישטאָ קיין פאַרלאַמענטן מיט פאַרקויפטע דעפּוטאַטן, מיט אינטריגעס. איך בין געווען אין אויסלאַנד... איך האָב געזען און איך האָב געהערט, ווי מען לעבט דאָרט, ווי מען אונטער־דריקט דעם אַרבעטער דורך די פּאַרלאַמענטן. גענוג וועט אייך זיין... גענוג די שקרים.

איינע פון אונזערע אינטעליגענטקעס האָט זיך אויפגעהויבן אויף

די שפיץ פיס און געפּרעגט ביי זיידלען אַ פראַגע וועגן ענטוויקלען דעם אַרבעטער, וועגן צוגרייטן זיך צום קאַמף, צום לעצטן ענטשלאָסענעם קאַמף.

אָנשטאָט איר צו ענטפערן קלאָר מיט באַווייזן, מיט פאַקטן, האָט זיידעל דעמאָלט אַ וואָרף געטאָן אַ גראָבע פראַזע, וועלכע איז שוין געוואָרן זייער פּאָפּולער אין שטאָט:

—פאַרמאַך די פּאָמוניצע, אינטעליגענטקע!

ער האָט עס ווילד אַ געשריי געטאָן. זיין עולם האָט געלאַכט און אונז האָט עס, ווי מיט אַ שטיין, דערלאַנגט.

אָט דאָס זענען זייערע מיטלען.

מען איז שרעקלעך בייז געוואָרן אויף אים. מיט גראָבע רייד, מיט סקאַנדאַלן קומען זיי, די חברה אַנאַרכיסטן און מען האָט אים, זיידלען, מער נישט געלאָזט רייד'ן. מען האָט געשריגן, געלאַרמט.

דער וואַלד האָט נאָך קיינמאָל אַזעלכע גוואַלדן נישט געהערט. מען האָט גענומען לויפן, באַהאַלטן זיך.

—פּאָליציי! האָט ווער פון שרעק, אָדער צוליב פּראָוואָקאַציע, אַ געשריי געטאָן.

און די אַנאַרכיסטן האָבן גענומען שיסן.

אַ מיידל האָט געחלשט, די צווייטע האָט צעריסן איר יום־טובדיקע קלייד.

און אָט אַזוי איז אַ שיינער פרילינג יום־טוב צעשטערט געוואָרן צוליב די אַנאַרכיסטן.

אויף צוריקוועגס זענען געשטאַנען גרופּקעס מענטשן, בחורים מיט מיידלעך, מען האָט זיך געאַמפּערט.

אין איינער פון די גרופּעס איז געשטאַנען שמואלקע, און ווען איך בין פאַרבייגעגאַנגען, האָט ער מיך גענומען אַטאַקירן:

—אָט גייט אַ צוקונפטיקער פאַבריקאַנט... פאַרוואָס האָט ער זיך נישט פאַרליבט אין אַן אָרעמע מיידל, אין אַן אַרבעטאָרן?

דעמאָלט האָט שוין לינע נישט אויסגעהאַלטן. זי איז צוגעגאַנגען נענטער צו שמואלקען און הויך, אויפן קול, אַ פרעג געטאָן:

—און איך געפעל אייך נישט, שמואלקע?

דער עולם האָט נישט פאַרשטאַנען דעם זין פון דער פראַגע.

נאָר שמואלקע האָט צוגעמאַכט דאָס מויל.

אין אַ שטיקל צייט שפּעטער איז אין שטאָט פאָרגעקומען אַ שׂרפה, עטלעכע מענטשן זענען פאַרברענט געוואָרן. דאָס זענען געווען אַרבעטער. איז פאָרגעקומען אַ גרויסע לויה...

די אַנאַרכיסטן זענען דאַן געקומען צו דער לויה מיט אַ שוואַרצער פאָן.

און בעל־הבתים האָבן געשפּאַסט:

—די רויטע פאָן האָט זיי שוין דערעסן. זיי האָבן זיך שוין גענומען צו דער שוואַרצער פאָן.

אויף דער לויה האָט גערעדט חבר ווירגילי. ער האָט דעמאָלט גערעדט שטאַרק און בייז. זיין רעדע איז אָבער געווען אַ באַרעכנטע אַגיטאַציאָנס־רעדע. נאָך אים האָט גערעדט, ווי אַ ווילדער פאַנאַטיקער, דער זעלבער זיידעל, האָט אים ווידער געענטפערט ווירגילי און ער האָט זיך אויסגעדריקט אין זיין ענטפער, אַז פון די אַנאַרכיסטן פילט זיך צופיל פולווער.

זיידעל האָט דערביי אַ געשריי געטאָן:

—יאָ, פון אונז פילט זיך פולווער און פון אייך, סאָציאַל־דעמאָקראַטן, פילט זיך קנאָבל.

און דער עולם האָט גענומען לאַכן. מען האָט גאָר פאַרגעסן, אַז דאָ איז נאָך אָפן אַ קבר, אין וועלכן עס ליגן עטלעכע פאַרברענטע קרבנות...

זיידעלס גראָבע וויצן זענען געוואָרן זייער פּאָפּולער ביי די מאַסן.

ער האָט געהאַט ערפאָלג.

דאָרט, וואו ער פלעגט נישט קאָנען נעמען מיט אַרגומענטן, פלעגט ער זיך וואַרפן אויף פאַרשידענע קונצן, ער פלעגט ערנסטע דעבאַטן פאַרוואַנדלען אין אַ שפּאַס, אין אַ חוזק.

איינמאָל אויף אַ פאַרזאַמלונג אין אַ פּריוואַט הויז, האָט אַ רעדנער לאַנג פונאַנדערגעוויקלט אַ פילאָזאָפיע וועגן סאָציאַליזם. עס איז געווען שפּעט אין אָוונט. אויף אַ הויכן שטאָק. די לאָמפּן אין הויז האָט מען צוליב פאָרזיכטיקייט פאַרלאָשן. עס האָט בלויז אַריינגעקוקט די רונדע, גרויסע לבנה. דער רעדנער האָט געענדיקט און

זיידעל האָט אים געגומען אָפּאָנירן.

‏-איר האָט געהערט דעם?

אַלע האָבן אָנגעשטעלט די אויערן: וואָס וועט דאָ זיידעל זאָגן.

‏-איר האָט געהערט דעם רעדנער? און אָט גיט אַ קוק! ער האָט אָנגעוויזן אויף דער ווייסער לבנה, וואָס האָט אַזוי גלייכגילטיק אַריינגעקוקט מיט איר אוראַלטן פּנים.

ער האָט אומישנע אויסגעצויגן יעדע פראַזע:

‏-דער רעדנער... אַלץ, וואָס ער האָט אייד דאַ אנגערעדט, איז פּראָסט געבעבעט צו דער לבנה...

אַרויסגערעדט די פראַזע, און איז אַוועק מיט זיין „באַנדע".

כאָטש אַלע האָבן געוואוסט, אַז זיידעל איז נישט פון די אייידעלע מענטשן, אַז ער רעכנט זיך נישט מיט קיין זאַך, דאָך האָט מען זיך געפילט באַליידיקט. מען האָט צו זיך, אין זיך געשמייכלט פון אַזעלכע וויצן. עס זענען אָבער געווען גענוג מענטשן, אַפילו פון די אינטעליגענטן, וועמען אַזעלכע „גיינג" איז זייער געפעלן געוואָרן.

זיידעל איז געווען אַמאָל אַ גאַסן-טרעגער... דאָך אַ באַגאַבטער יונג, האָט זיך אים איינגעגעבן אַוועקצופאָרן קיין אויסלאַנד. ווי אַזוי? צו וואָס? אין יענע צייטן האָט מען נישט געפרעגט און קיינעם איז עס נישט באַוואוסט געווען.

און צוריק פון אויסלאַנד איז זיידעל אַראָפּגעקומען מיט טויזנטער קנאַקעדיקע פראַזן, ווי מיט פייערדיקע פאַקעלן האָט ער מיט זיי געפאָכעט.

פון דער אַלטער גראָבקייט, פון די גאַס-זידלערייען איז ביי אים אַ סך געבליבן.

אַ פּנים האָט ער אויך נישט געהאַט קיין אָנגענעמען, מיט זומער-שפּרענקעלעך באַשאָטן, ווי מיט מאָן...

געווען איז ער אַ בייזער יונג פון דער נאַטור. מיט עכטע דעספּאָטישע נייגונגען. אַ געזונטער קערפּער מיט אַ מיש-מאַש אין דער נשמה.

אַן אידעאַליסט איז ער געווען און זיך האָט ער אויך נישט פיינט געהאַט. שפּעטער איז ער ערגעץ פאַרשוואונדן געוואָרן אין אַמעריקע.

נאָר אין יענער טעג איז ער געווען דער העלד. ער האָט פיינט געהאַט די רייכע, ווי אַ חיה, וואָס אַנטלויפט פון יעגער... פון קיין רחמנות האָט ער נישט געוואוסט, און ניידעל האָט זיך מיטן זשאַנדאַרם אָפּגערעכנט אויף זיין שטייגער.

אויף אַ „דאָפּראָס" האָט מען אַמאָל געפרעגט, מיט וואָס ער באַשעפטיקט זיך.

—איך באַגראָב די זשאַנדאַרמען, האָט ער געענטפערט.

—ווי איז דיין נאָמען?

—אַנאַרכיסט...

ער איז נישט געווען אַנטוויקלט, גאָר באַגאַבט פון דער נאַטור, נישט קוקנדיק, וואָס די אַנאַרכיסטן האָבן געהאַט אינטעליגענטערע מענטשן, מענטשן מיט העכערע בילדונג, מיט אַ סך וויסן, האָט דאָך ניידעל געשפילט די גרעסטע ראָל, און די גאַנצע גרופּע האָט זיך אָנגערופן אויף זיין נאָמען:

„ניידעלאָווצעס".

דער טעאָרעטיקער זייערער איז געווען גראָסמאַן, יענער איז אַראָפּגעקומען אין מיין שטאָט פון דער שווייץ, וואו ער איז געווען רעדאַקטאָר פון אַן אַנאַרכיסטישן זשורנאַל. דאָס איז געווען אַ זעלטענער אָריגינאַל, אַ בלייכער שאָטן מיט לייגלעכע האָר. ער פלעגט שטענדיק קריכן „אויפן סלופּ".

אַזוי האָבן זיך חברה געוויצלט.

אָט גייט ער...

אַ פאַרטראַכטער מיט אומעטיקע אויגן, מיט אַ פּנים זייער ענלעך צום באַרימטן ראָדענבאַך...

גייט ער מיט אַ פּאַק ביכער און זעט נישט, וואו ער גייט, ביז ער קריכט אַרויף אויף אַ סלופּ. קלאַפּט זיך אָן, צעקלאַפּט זיך די נאָז און גייט ווייטער.

דאָס איז געווען אַ מין הייליקער מענטש. ווען די חברים זיינע באַזאָרגן אים נישט, וואָלט ער קיינמאָל נישט געגעסן, וואָלט ער באַרוועס אין גאַס אַרויס.

געלעבט האָט ער ערגעץ אויף די „פּיאַסקעס" אין אָרעמען קוואַרטאַל. צו אים פלעגן קומען זיינע חברים און אָפּזיצן ביי אים לאַנגע שעהן...

האָט זיך ביי אים געלערנט אַנאַרכיזם.

גראָסמאַן איז געווען דער טעאָרעטיקער, זייד .. דער פּראַקטי־קער. צוויי ווילד־פרעמדע מענטשן... וואָס האָט זיי פאַראייניקט ? די צייט, דער שטורעם...

פון גראָסמאַנס שטוב פלעגן אַרויסגיין די נייסטע לאָזונגען, זיידעל האָט זיך געסטאַרעט, זיי איינפירן אין לעבן.

און אַ סך מאָל האָט זיידעל זיך באַגאַנגען אָן גראָסמאַנס טעאָריע.

דער רעוואָלווער האָט געגומען אַרבעטן... די באָמבע...

דאָס איז אָבער אַלץ געווען ביי גרעסערע עניניס. נאָר „אונ־זער לעבן וועבט זיך פון קליינקייטן" האָט אַמאָל געזונגט דער פי־לאָזאָף.

איין קליינקייט איז דאָס, וואָס אַ מענטש וויל עסן

ביי אונז אין שטאָט זענען געווען אַ סך אַזעלכע, וואָס האָבן נישט געהאַט צו עסן, האָט מען זיך גענומען מאַכן עקספּראָפּריאַציעס ביי בעקער און אויך אין שפּייז־געוועלבען.

די אַנאַרכיסטן האָבן זיך צו דעם גענומען און זיי האָבן געמוזט ווייזן אַ ביישפּיל.

בין איך איינמאָל געווען דערביי ווי שמואלקע, זיידעל און אַנדערע פון זייער גרופּע האָבן געכאַפּט געבעקס ביי אַ יידענע פון קאָשעק.

איך בין צוגעלאָפן צו שמואלקען:

—וואָס האָסטו געטאָן? וואָס טוסטו? ס'איז דאָך אַן אָרעמע יידענע.

שמואלקע האָט זיך דערלאַנגט בייז אַ טרייסל... ער האָט אַפילו נישט געוואָלט ענטפערן און דאָך געענטפערט:

—איך וויל עסן, מיר ווילן עסן, מיר זענען אַ סך.

—שמואלקע, אָבער די יידענע לויפט אַרום פון באַגינען אָן, זי אַרבעט ביטער.

—מיר באַדאַרפן די זעמל, אַלץ איינס, וואו מיר געפינען זיי.

דערביי איז געשטאַנען די יידענע און האָט געוויינט.

שמואלקע איז דאָך נישט געווען קיין זויפער, נישט קיין שיכור און הונגעריק איז ער דעמאָלט אויך נישט געווען. ער איז געגאַנגען

צונעמען די זעמל, ווייל אַזוי הייסט דאָס פּראָגראַם, ווייל גראָסמאַן... שטילער, מיט דרך־ארץ! גראָסמאַן האָט געזאָגט, אַז מען מעג דאָס.

בעת איך האָב זיך אַזוי געווערטלט מיט שמואלקען, איז צוגע־לאָפן זיידעל צו אים:

—יאַט, וואָס רעדסטו דאָ מיט די יאָלדן... קום! און זיי זענען אַוועק מיט די זעמל.

מיר האָבן דעמאָלט געהאַט צו קעמפן אויף צוויי פראָנטן: מיט די זשאַנדאַרמען און מיט די „בייזע יונגען"...

און די פּאָליציי האָט די אַנאַרכיסטן ווייניקער פאַרפאָלגט, ווי אונז. פּאָליציי האָט געוואוסט, אַז זיי צעשטערן אונזער אַרבעט.

שפּעטער האָט מען אָנגעהויבן צו ריידן, אַז שמואלקע האָט אַ כּלה.

שמואלקע דער שטאַמלער...

אַ ביסל האָט עס מיך געפרייט: וועט ער ליגן לאָזן צורו. נאָר די כּלה איז ביי אים געווען אַ צייטווייליקע. די אַנאַרכיסטן האָבן אַלע געהאַט צייטווייליקע כּלות. אַ שוואַרץ מיידל איז דאָס געווען מיט אַ פּאָר גרויסע גערדיכט־פאַרברעמטע אויגן, וועלכע האָבן אויסגעזען, ווי אַ פּאָר גרויסע זשוקעס. אונטערגעשאָרענע האָר, שוואַרצע, ווי סמאָלע. דערצו האָט זי נאָך שטענדיק געטראָגן אַ שוואַרץ קליידל...

אַ פלינקע, אַ באַוועגלעכע, פלעגט זי אויף די פאַרזאַמלונגען און דיסקוסיעס זיך שליידערן, ווי אַ שוואַרצער שלאַנג און פּיקן אומעטום מיט איר נעזל, ווי אַ שוואַרצער קרוק...

זי האָט געוואָלט פריי זיין, פרייער נאָך, ווי די פרייהייט אַליין. ביי איר איז דאָס געווען אַ קרייַנקלעכע תּאווה נאָך פרייהייט:

כאָטש אַרויסגיין נאַקעט אויף דער גאַס.

כאָטש אַרויפקלעטערן אויפן שפּיץ פון שטאָט־זייגער און טאַנצן.

ריידן פלעגט זי פאַר צען, ביז הייזעריק ווערן.

און פון וואַנעט איז זי אַראָפּגעשפּרונגען צו אונז אין שטאָט, האָט קיינער נישט געוואוסט און וואו זי איז פאַרשוואונדן געוואָרן, ווייס אויך קיינער נישט.

זי האָט זיך שמואלקען אָפּגעגעבן צוליב אַנאַרכיסטישע פּעמים, צוליב דער אידעע און אפשר אויך... צוליב רחמנות.

ווייל שמואלקע איז געזעסן זייער עלנט און ער האָט פון קיין פרייד נישט געוואוסט.

און שמואלקע האָט אין דער זעלבער צייט נישט אויפגעהערט צו באַגלייטן לינען מיט אומרואיקע בליקן, ער האָט זיין „שוואַרצע" נישט שטאַרק ליב געהאַט און ער האָט זיך קנאַפּ געקימערט, ווען זי איז אַוועק נעכטיקן צו אַ צווייטן.

פּלוצלונג פלעגט די שטאָט ווידער ווערן אויפגעציטערט פון די אַנאַרכיסטן.

זי זענען אַריין צו בלאָכען, צו איינעם פון די עלטסטע און רייכסטע פאַבריקאַנטן, זיי האָבן געבעטן געלט, האָט מען זיי נישט געגעבן.

און איצט גייט און גיט אַ קוק, ס'איז אַ חורבן דאָרט איז אָנגע־מאַכט.

דורכן פענסטער האָבן זיי אַריינגעוואָרפן אַ באָמבע. קיין מענטשן האָט נישט געשאַדט, נאָר אין די חדרים איז אַלץ צעבראָכן און צו־שמעטערט געוואָרן, בילדער, גלאָזוואַרג, דער קלאַוויר... אַרום און אַרום זענען אויסגעהאַקט די שויבן.

פון דער גאַנצער שטאָט איז מען געלאָפן אָנקוקן דעם חורבן, פּאָליציי איז געקומען...

און ביינאַכט האָט מען געפירט אַרעסטירטע פון די ווייטסטע פּאָליציי געסלעך און גאַסן.

מיר זענען דעמאָלט אין וואַלד געוועזן, מיט באַשען אין איין שטוב געוואוינט, נאָר אין באַזונדערע צימערן. אין מיטן נאַכט איז באַשע אַריינגעקומען צו מיר און פאַרטרויט א סוד: שמואלקע איז געקומען מיט נאָך אַ בחור, ביידע האָבן זיי ביי זיך באָמבעס און רע־וואָלווערן — פּאָליציי זוכט אין גאַנצן וואַלד, מען האָט שוין עטלעכע פון די אַנאַרכיסטן אַרעסטירט און שמואלקע מיטן צווייטן בחור ווילן זיך ביי באַשען אויסבאַהאַלטן...

לינע, וואָס איז געשלאָפן ביז איצט, האָט זיך אויפגעכאַפּט:

— וואָס באָמבעס? ווער באָמבעס? זי האָט אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן... באַשע און איך, מיר האָבן נישט געוואוסט וואָס צו טאָן.

און דער וואַלד האָט אין דער נאַכט אַזוי געהיים זיך געסודעט.

יעדער שאָרך האָט געשראָקן.

איך בין אַריין צו שמואלקען און אים אָפן געזאָגט, אַז מיר ווילן צוליב אים נישט ריזיקירן. מיט וועלכע רעכט האָט ער זיך אַריינגעריסן אין אַ פרעמדע שטוב?

ער האָט אויף מיר בייז אַ קוק געגעבן, האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר ער האָט זיך פאַרשטאַמלט... אין דער רגע האָב איך אויף אים רחמנות געקריגן, ער האָט מיר אויסגעזען, ווי אַ פאַריאָגטע חיה...

איך בין אַריין צוריק צו לינען און צו באַשען אין צווייטן חדר.

באַשלאָסן האָבן מיר צוועקגיין, איבערלאָזן זיי מיט די באַמבעס, בעת מיר זענען אַרויסגעגאַנגען האָט שמואלקע נאָכגעשריען:

—וואָס? צושטערט אייך די דו?.. וואָס אַנטלויפט איר? פּחדנים!

ער האָט נאָך עפּעס געוואָלט שרייען, נאָר די צונג האָט זיך ווידער ביי אים פאַרהאַקט.

מיר האָבן זיך אַרומגעשלעפּט אַ נאַכט אין וואַלד. מיר זענען אַוועקגעגאַנגען ווייט־ווייט, ביז מיר זענען אַרויס אויפן שאָסיי.

באַשע האָט געהאַט אַ זאָרג, זי האָט כסדר באַדויערט שמואלקען: אויב מען וועט אים אַרעסטירן, קאָן מען אים נאָך אויפהייגען.

לינע האָט זיך געבייזערט. עס האָבן איר שוין דערעסן די שטענדיקע געפאַרן און די שרעקן...

ביז באַגינען האָבן מיר יענע נאַכט אין וואַלד פאַרבראַכט און אין דערפרי האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז אַלץ איז דורכגעגאַנגען בשלום: שמואלקע איז נישט אַרעסטירט געוואָרן...

און שמואלקע האָט געמעגט פון אונז לאַכן, וואָס מיר זענען אַ נאַכט נישט געשלאָפן.

# פרייע ליבע...

צווישן די אַלע פרייהייטן, וואָס די אַנאַרכיסטן האָבן פּראָקלאַמירט און געפּריידיקט, איז אויך געווען דער לאָזונג פון „פרייע ליבע".

אין דעם זומער ניין הונדערט פינף, ערב דער רעוואָלוציע, ווען זיי האָבן זייער „שטאַב" אין וואַלד געהאַט, דעמאָלט איז די „פרייע ליבע" געוואָרן שטאַרק ענטוויקלט.

אין די אַנאַרכיסטישע „פּאַלאַצן" האָט מען כסדר געזען אַריינגיין און אַרויסגיין פאַרשידענע יונגע פרויען.

אינטעליגענטקעס, אַרבעטאָרינס, דינסט-מיידלעך..

מען האָט זיך געוויצלט אין שטאָט:

—זיידל מיט זיינע חברים האָבן זיך געמאַכט אַ האַרעם. און דאָרטן אַרום די דאַטשעס האָט מען געזונגען און געלעבט אַ גוטן טאָג.

אַמאָל אַ געשריי..

אַמאָל אַ סקאַנדאַל, אַ שיסעריי.

און ווער ווייס, וואָס דאָרט קומט פאָר אונטער די בוימער—נישט איין פאַמיליע האָט זיך צוליב די סקאַנדאַלן אַרויסגעקליבן וואָס ניכער פון וואַלד אין שטאָט אַריין.

עפּעס אַ געהיימע באַנדע מענטשן, וואָס האָבן אַלע ביז איצטיקע געזעצן אַרויסגעוואָרפן דורכן פענסטער... ווער ווייס זיי?

שאָטנס האָבן זיך דאָרט געגנבעט צווישן די בוימער און אין יענע שאָטנס האָבן מיר אויך באַמערקט באַקאַנטע פרויען, חברטעס פון אונזערע קרייזלעך: די אַנאַרכיסטן האָבן זיי אָפּגעשלאָגן...

מען האָט אַלץ מער גענומען רעדן פון די קרבנות, וואָס זענען אַריינגעפאַלן אין זייער נעץ. אויף די ראָגן פון די גאַסן האָבן זיך באַוויזן נייע פּנימער. נאָך נישט קיין ערפאַרענע, נישט קיין דרייסטע גאַסן-פרויען.

פּאָליציי האָט זיך באַוווסטזיניק נישט אַריינגעמישט אין דעם גאַנצן ענין.

פּאָליציי האָט מער מורא געהאַט פאַר אונזער אָרגאַניזאַציע, פאַר אונזער דיסציפּלין. מיר זענען געווען אַ קראַפט, וואָס איז לאַנג־זאַם און פעסט געוואַקסן, די אַנאַרכיסטן זענען אָבער געווען אַ שטורם, אַ דונער...

עס גיט אַ קלאַפּ און אַ סוף...

און פּאָליציי האָט געוואָלט, אַז דער קלאַפּ זאָל אונז טרעפן, אונזערע רייען זאָלן פון דעם צעטרייסלט ווערן. עס פלעגט אונז טאַקע ברענגען פיל שאָדן און איבערהויפּט דאָס, וואָס מיר האָבן געמוזט אָפּגעבן די גרעסטע צאָל כחות אויף צו קעמפן מיט זיי.

דער פייערווערק, וואָס זיי האָבן געוואָרפן, האָט געווירקט...

צווישן די פרויען, וואָס מיר האָבן דאָרט איינמאָל באַמערקט אַריינגיין, איז געווען אַ מיידל פון יאַנאָווסקיס טאַבאַק־פאַבריק, חוה, האָט זי געהייסן, אָדער די שיינע חוה, ווי אַנדערע מיידלעך פלעגן זי רופן...

ווי איז זי געקומען צו זיי?

דאָס בלייבט פאַר מיר אַ סוד ביזן היינטיקן טאָג. עס האָט אונז אַלעמען געוואונדערט. זי איז געווען אַ שטאָלצע צווישן די אַלע מייד־לעך, זי האָט אַ סך געלעזן און אַ סך פאַרשטאַנען.

ווען זי פלעגט קומען אויף דער פאַרזאַמלונג, האָט שטענדיק אויסגעדוכט, אַז זי, חוה, האָט נישט געפונען דאָס, וואָס זי האָט געזוכט. מענער זענען איר נאָכגעגאַנגען, אָבער מיט דרך־ארץ. עט־לעכע פון די בעסערע, פון די מער אַנטוויקלטע אַרבעטער האָבן זיך פאַרליבט אין איר, נאָר זי פלעגט שטענדיק אָפּענטפערן מיט אַן איינגעהאַלטענעם „ניין" און קוקן און אויסקוקן וועמען... אודאי דעם אמתן באַשערטן.

אַ הויכע, אַ שלאַנקע, פון דעם מין שוואַנען־פרויען. אויף דער גאַס פלעגט זי אָפּשטעלן יעדערס אויפמערקזאַמקייט... פון איר גראָ־שענעם פאַרדינסט פלעגט זי אויסקאָמבינירן פאַר זיך אַ קליידל, האָבן זיך אַנדערע רייכע אַריסטאָקראַטקעס געמעגט בײַ איר לערנען.

לינע איז געווען אין איר פאַרליבט... באַשע אויך. זי האָט זיך

אָבער פון די כסדרדיקע קאָמפּלימענטן גאָרנישט געמאַכט, מיט קיינעם זיך צו שטאַרק נישט געחברט.

ווען זי פלעגט גיין צוריק פון דער אַרבעט מיט די איבעריקע מיידלעך פון פאַבריק, האָט מען נישט געקאָנט גלייבן, אַז דאָס איז אויך אַ פּערמאַטערטע פּאַפּיראָסן-מאַכערין...

אַביסל האָט זי זיך אָפּגעטיילט פון אירע חברטעס, מיט עטלעכע טריט ווייטער פון זיי געגאַנגען, און קיינער האָט צו איר קיין פּרעטענזיעס נישט געהאַט:

— חוה איז שוין אַזאַ, שווייגט צו אַביסל, לייענט אַ סך ביכלעך און טרעפט אַלע בחורים...

עס האָט זיך קיינעם נישט איינגעגעבן צו געווינען איר אמתן צוטרוי, איר אמתע פריינטשאַפט... חוה איז קאַרג געווען אויף אַזעלכע זאַכן...

און אויף דער דאָזיקער חוהן האָבן די „בייזע יונגען" געוואָרפן אַן אויג.

און ווי אַזוי איז זי געקומען צו זיי אין וואַלד, דאָס בלייבט אַ סוד.

וואָס דאָרט איז פאָרגעקומען, האָט אויך קיינער נישט געוווּסט

נאָר איינמאָל איז חוה געקומען צו באַשען און האָט זיך פונאַנדערגעוויינט. געוויינט האָט זי הילפלאָז ווי אַ קינד... און עס האָט לאַנג געדויערט ביז באַשע האָט זיך עפּעס דערוווּסט פון איר.

געווען זענען דערביי אויך עטלעכע זייטיקע מענטשן, נאָר די מומע באַשע האָט אַלעמען געהייסן אַוועקגיין און דערנאָך האָט זי עטלעכע טעג געהאַלטן חוהן ביי זיך, האָט נישט אָפּגעטראָטן פון איר. געהיט זי און באַרויקט...

אין עטלעכע טעג אַרום האָט זיך באַשע באַראַטן מיט מיר, מיט ליגען און מיט נאָך עטלעכע חברים:

מען קאָן חוהן ראַטעווען נאָר דערמיט, אויב מיר וועלן באַקומען אַ סומע געלט און זי אַוועקשיקן קיין אַמעריקע.

אויב נישט, וועלן מיר האָבן אויף די ראָגן פון די גאַסן נאָך אַ פרוי, וואָס וועט האַנדלען מיט זיך.

מיר האָבן זיך זייער ענערגיש גענומען צום ענין. מיר זענען

גרומגעלאָפן צו די רייכערע חברים. די נויטיקע סומע איז אויפגע־זאַמלט געוואָרן און חוה איז אַ שווייגנדיקע אַוועקגעפאָרן. באַשע האָט נאָך עטלעכע אַזעלכע באַגעגענישן געהאַט, נאָר נישט אַלץ פלעגט זי אונז פאַרטרויען. איינמאָל האָט זי זיך אָבער אָנגערופן:
— ווען איך וואָלט געווען אַ מאַן, וואָלט איך זיך מיט די „זיי־דעלאָווצעס" אָפּגערעכנט.
פון באַשען האָב איך נאָך קיינמאָל נישט געהערט אַזעלכע שטרענ־גע ווערטער.
אין יענע טעג זענען מיר אַלע שווייגנדיקער און אומרואיקער געוואָרן, די „בייזע יונגען" האָבן אונז נישט געלאָזט לעבן
ווען נישט אונזער געדולד און איינגעהאַלטנקייט, וואָלט שוין לאַנג געקומען צו אַ געשלעג. דער שטאַרקסטער עלעמענט פון די אַר־בעטער, די גאַרבער־יונגען זענען געווען אויף אונזער צד...
און בעת דאָרט אין וואַלד האָט מען אומגליקלעך געמאַכט פיל אָרעמע מיידלעך, זענען געקומען צו אונז אַ סך חברים פון די גאַר־בערס און פון אַנדערע פאַכן.
—לאָזט אונז נאָר צו, מיר וועלן זיך מיט זיי אָפּרעכענען.
צוליב אַ סך טעמים האָבן מיר זיי אָפּגעהאַלטן.
ערשטנס:
די אַנאַרכיסטן האָבן דאָך אַלץ געטאָן צוליב דער „אידעע", אַל עזייערע פאַרברעכענס זענען דאָך געווען איינגעהילט אין „אידעאַלן".
„מענטשן דאַרפן פריי זיין".
„יענעמס געלט, יענעמס קערפּער און יענעמס נשמה... אַלץ גע־הערט צו קיינעם נישט און צו אַלעמען" און מיט אַלץ מעג מען זיך טיילן. אַזוי האָבן זיי געפּרעדיקט און אַזוי האָבן זיי געלעבט..
אין זייער גרופּע זענען געווען עטלעכע איבערצייגטע פאַנטאַזי־יאָרן, פאַנאַטיקער, נאָר צו זיי זענען צוגעשטאַנען פאַרדעכטיקע פאַר־שוינען, וועלכע האָבן געלעבט אַ גוטן טאָג אויפן פרעמדן חשבון. עס איז שווער געווען זיך צו פונאַנדערקלויבן אין דעם פּלאָנטער פון אידעאַליזם און שווינדל...
צווייטנס:
מיר האָבן אויסגעמיטן אַ געשלעג צוליב דעם טעם, אַז די

פּאָליציי און בעל־הבתים זאָל דאָס פּאָר זיך נישט אויסנוצן.

—חברה שלאָגן זיך, גאַנץ גוט!

—זאָלן זיי זיך אַליין צוברעכן די קעפּ...

די ווערטער פלעגן מיר דאָך שטענדיק הערן ביי יעדער קריגעריי, וואָס עס פלעגט אויסברעכן צווישן איין פּאַרטיי און דער צווייטער.

און דאַריבער האָבן מיר אָפּגעהאַלטן אונזערע היציקע חברים פון אַ געשלעג, כאָטש עס איז שוין באַלד געווען אונמעגלעך זי איינצוהאַלטן.

די אַנאַרכיסטן האָבן געשיכורט, וואָס ווייטער—אַלץ מער אָרגיעס, אַלץ מער סקאַנדאַלן.

די חברה איז אויסגעוואַקסן!

אַ גאַנצע באַנדע דעגענירטע אינטיליגענטקעס זענען זיי נאָכגעלאָפן, פון אונז זענען אַוועק אַ סך חברים פון די אינטיליגענטן.

עלבוים...

אַלעקס טרייוויש...

זיי זענען געווען איבערגעגעבענע חברים און פּלוצלונג! זיי הוליען שוין מיט די אַנאַרכיסטן, די אַרבעטער פלעגן מיט רעכט רעדן, אַז מיט די אינטיליגענטן איז מען קיינמאָל נישט זיכער.

געוויצלט האָט מען זיך:

—זיי ווילן ניט וואַרטן, זיי באַדאַרפן נישט וואַרטן אויפן גן־עדן, ווייל זיי האָבן אים שוין דאָ אויפן אָרט:

—אין וואַלד, ביי די „ציידעלאָוועצעס".

און גערעדט האָט מען זיך וועגן די אָרגיעס, וואָס קומען פאָר אין וואַלד:

—עגיפּטישע נעכט אָרדנען זיי איין.

—וואָס איז דאָס אַזוינס עגיפּטישע נעכט? מיידלעך פלעגן אָנשטעלן נייגעריק די אויערן, יונגע בחורים פלעגן שלינגען יעדעס וואָרט.

עגיפּטישע נעכט.

מען שיכורט זיך גאַנץ גוט אָן, מען הוליעט, מען פרעסט פון אַלדאָסגוט און דערנאָך פאַרלעשט מען די לאָמפּן. אין די חדרים איז שטאַרק פינסטער. אַלע, פרויען און מענער, אַלע טוען זיך אויס נאַקעט,

אין דער פֿינסטער יאָגט מען זיך נאָך... אַ מאַן נאָך אַ פֿרוי, אַ פֿרוי נאָך אַ מאַן... מען קושט זיך שווייגנדיק. קיינער ווייס נישט, וועמען ער קושט, קיינער ווייס נישט, אין וועמעס אָרעמס ער געפֿינט זיך. גייט אַזוי ביז פֿאַרטאָג, ביז די אויסניכטערונג קומט. עס פֿלעגט טרעפֿן נאָך אַזעלכע נעכט, פֿלעגט ווער פֿון דאָרטן אַוועקגיין... אַוועקגיין און באַקומען סם פֿאַר זיך.

איינער האָט זיך געשאָסן, דער צווייטער האָט זיך געוואָרפֿן אונטערן צוג:

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן עפּידימיע פֿון זעלבסטמאָרדן.

איינע פֿון די אינטערעסאַנסטע מיידלעך פֿון מיין שטאָט, העלענע העלמאַן אין אַוועקגעפֿאָרן קיין גראָדנע, האָט געדונגען אַ צימער אין אַ האָטעל, געשיקט נאָך בלומען, מיט וועלכע זי האָט אויסגעפּוצט דאָס צימער, און אַליין האָט זי אָנגעטאָן דאָס שענסטע קלייד, דערנאָך אַ קליין צעטעלע...

דערנאָך אַ קויל אין שלייף...

נאָך איינע האָט זיך געפּרובט סמען, האָט מען זי אָפּגעראַטעוועט. טאַטע־מאַמע האָבן גענומען אַוועקשיקן זייערע טעכטער אין אַנדערע שטעדט און קיין אויסלאַנד.

און די באַנדע אין וואַלד האָט געבושעוועט.

ווין...

אַז מען וויל ווין, שיקט מען אַריין אַ פּאָר חברים אין ערשטן בעסטן ווין־געשעפֿט...

מיט אַ פֿאָדערונג פֿון די אַנאַרכיסטן

מיט אַ שטעמפּעלע...

דער בעל־הבית דערשרעקט זי און גיט, ויפֿיל מען פֿאַרלאַנגט.

סאַרדינקעס, פּרוכט, קליידער, שיך... די קרעמערס האָבן אַלץ געגעבן, ווייל ביי בלאָכן האָט מען פֿאַר נישט געבן געוואָרפֿן אַ באָמבע... ווייל מאָרעינאַ דער פֿאַבריקאַנט איז דערפֿאַר דערהרגעט געוואָרן. איך פֿלעג אָפֿט זיי באַמערקן אויף דער גאַס מיט עקספּראָפּרירטע חפֿצים... שמואלקע פֿלעגט וואַרפֿן אויף מיר אַ זיגערישן בליק:

„אונזער וועלט!"

„מיר לאַכן פֿון אייך... אָפּאָרטוניסטן!"

געווען איז נאָך זומער. איך האָב אַליין נישט געוווּסט, ווען מײַן צײַט אָפּצוגעבן. מיט לינען בין איך אַלץ נענטער געוואָרן, צע־נויפגעבונדענער, און זי האָט צוליב דעם, אַלץ מער געפאָדערט און, פריער צו שפּעטער, — איך האָב געוווּסט, אַז עס וועט קומען צו א קאָנפליקט.

די טייערע באַשע האָט נאָך אַלץ פאַר אונז געזאָרגט. אין וואַלד האָט זי אויך קיין רו נישט געהאַט, זי פלעגט מוזן אַוועקלויפן אין שטאָט אַריין צו אירע פּאַציענטקעס, אַ סך מאָל פלעגט זי שוין בלײַבן נעכטיקן אין שטאָט.

איך בין אויך אַ סך מאָל געבליבן אין שטאָט צוליב דער אַר־בעט... און ווען לינע האָט זיך געלאַנגווײַליקט, איז זי געגאַנגען צו אירע קרובים, וועלכע האָבן אויך געלעבט אין זעלבן וואַלד.

באָריס דער שוואַרצער פלעגט איר באַגלייטן אַ סך מאָל אין די שפּאַצירן. ער האָט געוווּסט פון אונזער נאָנטקייט און דעריבער איז ער איצט פאָרזיכטיקער געוואָרן.

ער, באָריס...

ער פאַרליבט זיך נישט אַזוי גיך...

און ער וויל בײַ קיינעם קיין געליבטע נישט אָפּשלאָגן.

— אָבער וואָס איז דאָס פאַר אַ ליבע פון זײַן זײַט: אַרומלויפן גאַנצענע טעג איבער די פאַבריקן, מיט די אַרבעטער, טומלען אייביק און פאַרגעסן, אַז אַזאַ לינע, אַזאַ וווּנדער לינע וואַרט אויף דיר...

לינע פלעגט עס אויסהערן. זי האָט זיך אויף באָריסן פאַרשטאַ־נען און זי פלעגט אים אויסלאַכן, נאָר צו מיר די פּרעטענזיעס האָט זי נישט אויפגעגעבן:

—ער איז נישט גערעכט, באָריס? אַוודאי איז ער גערעכט...

איך האָב שטענדיק פּיינט געהאַט מוסר און שטראָף־רייד, אין אַזעלכע רגעס בין איך גרייט געווען אַלץ אַוועקצוּוואַרפן, פאַרגעסן אינ־גאַנצן אָן לינע, אַרויסרייסן זי פון האַרצן מיט געוואַלד.

און אויף באָריסן האָב איך געהאַט אַן אויג און א באַהאַלטע־נעם כעס.

עס איז מיר מיט אים אויסגעקומען צו רעדן אויף דער טעמע: „לינע"

— אייגנטלעך, וואָלסטו באָריס, געדאַרפט אַוועקגיין צו יענער חברה·

איך האָב אָנגעוויזן אויף דעם אָרט אין וואַלד, ווו די אַנאַר־כיסטן האָבן געלעבט.

— איך צו זיי? האָט ער זיך געוווּנדערט.

— פאַרוואָס נישט? עס איז אַ פריילעך לעבן ביי זיי, מען טרינקט וויין און פרויען זענען דאָ אַזויפיל...

— ניין, האָט ער מיט אַ זויערע מינע אַ זאָג געטאָן...

— פאַרוואָס „ניין"?

— דערפאַר, ווייל די גאַנצע חברה מיט זייער גאַנצן הוליען — דאָס איז אַ פאַרבייגייענדע קראַנקשאַפט, אַ היסטעריע... און איך בין אַ געזונטער מענטש.

האָט זיך דאַן ביי מיר אַרויסגעכאַפט:

— געפעלט דיר בעסער נאָכצוקריכן לינען און בונטעווען איר קעגן מיר, האַ?

האָבן מיר זיך ביידע אָנגעקוקט אַ רגע ווי צוויי הענער.

— ניין, האָט באָריס ווידער אַרויסגערעדט·

— שוין ווידער „ניין", האָב איך אים איבערגעקרימט.

— ניין און ניין... איך וויל נישט אָפלייקענען, אַז לינע געפעלט מיר, נאָר איך וואָלט קיינמאָל נישט געוואָלט זי אָפשלאָגן פון דיר מיט פאַלשע דרכים. אין דעם טאָג, ווען איך וואָלט דערפילט, אַז זי איז צו מיר נישט גלייכגילטיק, דעמאָלט, גוטער ברודער, וואָלט איך שוין נישט געקלערט... נאָר לינען געפעל איך בלויז דערפאַר, ווייל איך בין פרייער פאַר דיר און אויב פרייער, הייסט שוין מענטשלע־כער פאַר דיר... איך האָב זיך נישט צוגעטשעפעט צו קיין פינטעלע פון דער ערד, ווו דו צו דיין דאָגמע. לינע קאָן מיט מיר רעדן וועגן אַלץ, מיט דיר נישט, לינע האָט אַנומלט געוואָלט גיין אין צירק מיט מיר, נאָר זי האָט מורא געהאַט פאַר דיר... און מיט וואָס איז צירק שלעכט?

און באָריס האָט זיך געלאָזן ריידן וועגן צירק מיט אַזאַ רוי־קער באַגייסטערונג, ווי נח'קע פלעגט ריידן פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע·

איך האָב אים אָנגעקוקט מיט איבערראַשונג, ווייל צירק איז דעמאָלט געווען ביי אונז פאַרהאַסט, און ווי קומט אַזאַ קלוגער יונג צו ריידן וועגן אַזאַ ביליקע זאַך, ווי צירק...

וועגן לינען האָבן מיר אויפגעהערט צו ריידן, ווייל נאָך די עטלעכע אויפריכטיקע ווערטער האָט מיך באָריס איבערצייגט, אַז איך האָב זיך אויף אים נישט צו בייזערן.

ער האָט אַפילו צוגעגעבן:

—אויב דו צווייפלסט, בין איך גרייט, איך וואָלט זיך מער נישט צו ווייזן און איבערהויפט מיט לינען זיך מער נישט צו באַגעגנען.

איצט האָב איך שוין געזאָגט:

—ניין!

האָט ער מיך אָנגעקוקט:

—איך געטרוי דיך, דו מעגסט זיך מיט לינען באַגעגנען וויפיל דו ווילסט, נאָר שאַנעווע אַביסל מיין אַרבעט. אפשר וועט זיך מיט דער צייט עפעס בייטן, דערווייל בין איך פאַרבונדן מיט טויזנט פעדעם...

—וועסט אַוועקגיין, האָט ער מיר געזאָגט, וועסט אַוועקגיין פון זיי.

—פון וואַנעט ווייסטו עס?

—וועסט זען, צווייפלען צווייפלסטו שוין, שפּעטער וועסטו דאָס פיינט קריגן... וועסט זען.

איך האָב זיך אויסגעלאַכט. איך וואָלד איז זייער רואיק געווען און גוטמוטיקייט האָט גערוט אין האַרצן...

האָבן מיר זיך ביידע אַרומגענומען—איך מיט באָריסן און מיר האָבן שפּאַצירט צווישן דיביימער.

—מיר זענען פריינט, האָט באָריס זיך אָנגערופן.

—איך רעכן...

—אַ פריינט איז אַ גוטע זאַך,—נאָר נישט אייער געפּרעדיקטע ליי בע און פריינטשאַפט, פריינטשאַפט פון דער גאַנצער וועלט. עס נודעט שוין...

—וואָס ביזטו אַזוי אין כעס, באָריס! וואָס בייזערסטו זיך אויף מענטשן, וואָס גיבן אָפּ זייער לעבן.

— ווער בעט זיי? ווער בעט זיי?

און גיי ענטפער אים אויף אַזאַ פראַגע...

באַרויקט האָט ער זיך פון מיין נישט ענטפערן און מיר גייען ווייטער אין וואַלד אַזוי אַרומגעאַרעמט, אַ ביסל יונג-בחוריש אויפגעלייגט.

ווען ער זאָל זיך דעמאָלט אַ ביסל פעסטער שטעלן צווישן מיר און דער אָרגאַניזאַציע — ווער ווייס: איך וואָלט אַלץ גיכער פארגעסן און פארלאָזן.

אפשר דער איינציקער איז ער געווען, וואָס האָט אויף מיר געווירקט און אַ סך מאָל בין איך גרייט געווען צו פאָלגן.

מיין צווייטער „איך" איז ער געווען.

און איצט אין וואַלד, ווען מיר זאָלן אַ סך רעדן, וואָלטן מיר זיך דערררעדט.

פלוצלונג דערהערט זיך אַ קוויטש, אַ געלעכטער...

אַ האַלב-נאַקעטע פרוי לויפט פאַרביי, נאָך איר אַ באַוואַקסענער מאַן, מיט לאַנגע האָר, אַ באָרוועסער.

אַ שטיק זון פאַלט אויף זייערע צעהיצטע פנימער, פאַרבייגעלאָפן און פארשוווּנדן געוואָרן...

— ווי געפעלט דאָס דיר, באָריס?

ענטפערט ער:

— ווען איך וואָלט געזען בלויז דאָס פאָרל, וואָלט עס מיר זייער געפעלן געוואָרן, נאָר איך קאָן די גאַנצע היסטערישע באַנדע און איך האָב זיי נישט ליב. מיר געפעלט שוין בעסער אַן אונטערטעניקער שקלאַף איידער אַזאַ באַפרייטער, וואָס פאָזירט טאָג און נאַכט מיט זיין פרייהייט.

און אַז באָריס האָט זיי, די אַנאַרכיסטן, נישט ליב, מן הסתם איז עפּעס אין דעם פאַראַן.

איך האָב זיי פשוט אויסגעמיטן. זיי האָבן מיך איצט שוין אויפגעהערט צו אינטערעסירן.

נאָר צוזאַמענשטויסן מיט זיי האָב איך נאָך געהאַט.

מיט אַ טאָג שפעטער בין איך מיט דער מומע באַשע אַרומגעגאַנגען אין וואַלד. מיר האָבן אָפּגעוואַרט ליבען. וועלכע איז אַוועקגעגאַנגען צו אירע קרובים.

מיר זענען פאַרבייגעגאַנגען לעם דעם נעסט פון די אַנאַרכיסטן. מלעכע פון זייער „קאָמונע“ האָבן זיך געוויגט אין האַמאַקעס. באַר־עסע, האַלב־נאַקעטע מיט לאַנגע האָר. זיי האָבן משונהדיק אויסגעזען.

ליִנעס אַבראַמזאָנס קרובים האָבן געוואוינט אויף יענער זייט פון אָלד?

אָבער צוקומענדיק נענטער צו דעם אָרט, וואו די אַנאַרכיסטן האָבן געלעבט, באַמערקן מיר ליִנען... זי שטייט און רעדט מיט איינעם פון זייערע...

איך מיט באַשען זענען געבליבן שטיין אַביסל איבעראַשט. נאָך דער געשיכטע מיט חוזק און אַנדערע טרויעריקע מעשיות האָבן מיר זיי פשוט אויסגעמיטן.

און דאָ...

ליִנע, מײַן ליִנע רעדט מיט איינעם פון זייערע.

זי איז שוין טאַקע נישט געווען קיין קינד, נאָר דאָך, איך האָב געוואוסט, אַז יעדער דרייסטער קאָן ווירקן אויף איר... איך האָב זיך אַביסל דערשראָקן.

איך האָב זי געוואָלט אַ רוף טאָן, נאָר באַשע האָט עס נישט דערלאָזן: אַזעלכע זאַכן האָט זי געקענט ערלעדיקן איידעלער.

—ליִנע, מיר זוכן דיך, האָט זי מיט אַ גוטמוטיקן קול אַ רוף געטאָן. יענע האָט זיך אומגעקוקט, האָט אונז דערזען.

זי האָט שוין גענומען זיך געזעגענען מיט דעם בחור, מיט וועלכן זי האָט נאָרוואָס גערעדט, אין דעם שפּרינגט פון אונטער אַ בוים אַרויס שמואלקע אַנאַרכיסט, ער האָט איר פאַרצוימט דעם וועג.

—בלייבט דאָ, ליִנע! האָט ער אַ געשריי געטאָן און נישט גע־לאָזט ווייטער גיין.

וואָס איז דאָס?

וואָס קומט דאָ פאָר?

אַן אמתער געיעג אויף איר. איך בין צוגעלאָפן נענטער. באַשע איז מיר נאָכגעלאָפן:

—וואָס איז?—שריי איך אויס,—וואָס קומט דאָ פאָר?

עס זענען אָנגעלאָפן נאָך עטלעכע אַנאַרכיסטן. שמואלקע איז געשטאַנען דער ערשטער. איך האָב זיך דערנענטערט צו ליִנען, גע־

וואָלט זי נעמען פאַר דער האַנט, און אַוועקפירן פון דאַנענטי
אין דעם כאַפּט שמואלקע אַרויס אַ רעוואָלווער:
—לינע זאָל בלייבן, און דו גיי דאַרט צו דיינע בורזשואַזע אינ־טעליגענטן.
—וואָס?
לינע האָט זיך אַליין אויך דערשראָקן. זי האָט מיך אָנגעכאַפּט:
—קום לאָמיר אַוועקגיין פון דאַנענט, מיט אַ רעוואָלווער גאָר...
באַשע איז בלייך געוואָרן, ווען זי האָט דערזען דעם רעוואָל־ווער, נאָר זי האָט זיך באַלד באַהערשט, זי האָט זיך געשטעלט צווישן אונז.
און צו שמואלקען האָט זי אויסגעשריען:
—לייג גלייך אַריין דעם רעוואָלווער אין קעשענע, איך וועל מיט דיר אַ וואָרט מער נישט רעדן, לייג גלייך אַריין דעם רעוואָלווער...
עס זענען אָנגעלאָפן נאָך מענטשן פון די פרעמדע דאַטשעס. קיינער האָט נישט געוואוסט, וואָס דאָ קומט פאָר.
נאָר באַשע האָט געווירקט. איך האָב אַליין נישט געוואוסט איר קראַפט.
שמואלקע האָט עפעס גענומען שטאַמלען און דעם רעוואָלווער האָט ער באַהאַלטן...
מיר האָבן זיך אָפּגערוקט פון דער חברה, טיפער אין וואַלד אַוועק, איך מיט באַשען האָבן גוטמוטיק גענומען זידלען לינען פאַר איר דער־נענטערן זיך צו דעם אַנאַרכיסטישן נעסט...
זי האָט כסדר געלאַכט און זיך באַרימט, אַז זי האָט פאַר קיי־נעם קיין מורא נישט.
אין דער רגע האָב איך מיט שרעק אַ טראַכט געטאָן: אפשר אינטריגירט איר אויך שוין די גאַנצע געשיכטע מיט די אַנאַרכיסטי־שע אָרגיעס?
פונקט, ווי אַ כשוף, האָט זייער נעסט געצויגן און זיי אַליין זע־נען אַזוי זיכער געווען ביי זיך.
זיי האָבן געשראָקן מיט זייער העזה, מיט זייער חוצפה...
פון די דאַטשעס זענען אַלץ מער מענטשן אַנטלאָפן. טאַטע־מאַמע האָבן מורא געהאַט פאַר זייערע קינדער.

די גאַנצע יוגנט אין שטאָט איז מאָדנע צערייצט געווען אין ענעם פעריאָד.
מיר זענען נאָך געבליבן אין וואַלד. סוף זומער זענען די בעס־טע טעג פון יאָר. מיר האָבן געהאַט אונזערע שטעגעלעך אין וואַלד, אונזער ליבן ווינקעלע אויפן שאָסיי, וואו דער האָריזאַנט האָט זיך געזען אין זיין גאַנצער ווייטקייט.
און אַ סך מאָל ווען לינע איז געווען פאַרנומען און ווען באַשע איז געווען פאַרנומען, פלעג איך אַליין אַרויסגיין אויפן שאָסיי, זיך וועקלייגן ביים ברעג פון וואַלד.
און איך טראַכט מיין אַלטן געדאַנק: איך באַדאַרף אַוועקגיין פון די חברים מיינע, איך האָב עפּעס אַ „מיין וועלטעלע״ וואָס קיי־נער וועט מיך נישט פאַרשטיין.
שטענדיק, ווען איך פלעג נאָר בלייבן אַליין, האָב איך אַלץ גע־נומען איבערקלערן, איבערשאַצן און אין דער איינזאַמקייט האָט זיך געפיילט מיין נשמה...
איך האָב געמעגט קומען פון די טומלדיקסטע פאַרזאַמלונגען, פון די אינטערעסאַנסטע רעפעראַטן, ווי איך טייל זיך נאָר אָפּ פון די מענטשן. דערפיל איך גלייך, אַז איך מיט „זיי״... אַז מיר זענען מיט גאָרנישט צענויפגעבונדן.
דעמאָלט ווען די טויזנט מיילער האָבן געשריגן, האָט זיך מיר געוואָלט שווייגן. גייענדיק צוזאַמען מיט זיי אויף אַ דעמאָנסטראַציע, האָט זיך מיר זייער געוואָלט אָפּטיילן פון אַלעמען און אַוועקגיין אויף די ליידיקע געסלעך. אַוועקגיין אויף דער סטאַרא־באַיאַרסקע גאַס, וואו די הייזלעך זענען אַזעלכע קליינע און אַרומגערינגלטע מיט אַ גערטל. אַוועקגיין אונטער דעם געמויערטן פאַרקאַן פון אַלטן פּאַלאַץ, וואו עס האָט געלעבט אַ פאַרעלטערטער פירסט... וואו טויזנט־טויזנטער אַלטע קראָען האָבן געקראָקעט אין כאָר.
און פאַר קיינעם האָב איך דעמאָלט נישט פאַרטרויט אָט די דאָ־זיקע געדאַנקען מיינע. נישט פאַר לינען, נישט פאַר באַשען.
ס׳קאָן זיין, אַז איך האָב זיך געשעמט. ס׳קאָן זיין, אַז איך האָב מורא געהאַט צו פאַרלירן עפּעס ביי זיי אין די אויגן, דעמאָלט, ווען איך וועל זיך מודה זיין, אַז איך בין גאָר קיין קעמפער נישט אָר

אַז דער גאַנצער ענין מיטן איבערמאַכן די וועלט איז פאַר מיר קיין ענין נישט.

איינער איז אָבער געווען, וואָס האָט מיך אָן ווערטער פאַרשטאַנען. ער פלעגט גאַנץ אָפט מיר נאָכגיין, ווי אַ שאָטן און טיף צריינקוקן אין מיינע אויגן.

באָריס דער שוואַרצער...

פון עטלעכע נישט־דערזאָגטע פראַזן, פון מיין צו אָפטן שווייגן האָט ער פאַרשטאַנען, וואָס אין מיר קומט פאָר, ער האָט זיך אָנגעשטויסן און געזען האָב איך, אַז ער קוועלט פון דעם.

עס פלעגט אָפט טרעפן, אַז ער מיט לינען, ביידע פלעגן זיך נעמען צו מיר מיט שטעך־ווערטלעך, מיט איראָניע אַריינרעדן אין מיר אַזעלכע רייד, פון וועלכע עס פלעגט מיר קאַלט און וואַרעם ווערן.

זיי פלעגן אָפּשפּאַסן פון דער אַרבעט, וועלכער איך האָב אָפּגעגעבן עטלעכע יאָר לעבן און געמיינט האָבן זיי דערביי מיין טובה.

באָריסן איז געגאַנגען אין דעם, עס זאָל זיין מיט אַ קעמפער ווייניקער.

לינע האָט דערביי געזוכט אירע כונות: זי האָט געוואָלט מיר זאָלן שוין ווערן „מענטשן", איבערבעטן זיך מיט טאַטע־מאַמע און שטעלן אַ חופה.

זי פלעגט דאָס נישט אַרויסזאָגן אָפן.

נאָר ביסלעכווייז האָט זיך איר פּלאַן ביי איר אַלץ מער פאַרפעסטיקט און זי האָט געזוכט מיטלען, ווי מיך אַרויסצושלעפּן פון מיין אַרבעט.

באָריס פלעגט איהר מיטהעלפן.

באַשע האָט געהאַט פון דעם קריינקונג: זי האָט שוין געזען, אַז פון לינען וועט קיין „טוערקע" נישט ווערן.

און פון מיר האָט נאָך באַשע שטאַרק געהאַלטן. פון יענעם ספק, וואָס אין מיר האָט זיך אַריינגעגנבעט, האָט זי גאָרנישט געוואוסט.

נאָך דער געשעעניש אין וואַלד, בעת שמואלקע האָט זיך צו מיר געכאַפּט מיט אַ רעוואָלווער, האָט באַשע אַליין אָנגעהויבן אונז זינריידן, אַז מיר זאָלן פאַרקוקן אין אַ צווייטער שטאָט. זי האָט

מורא גיהאט, באשע, פאר מיר און פאר לינען: מיך האט מען געקאנט יעדן טאג ארעסטירן און דעמאלט וועט לינע בלייבן אליין... ווער ווייס, די אנארכיסטן לאזן א יונגע פרוי נישט צורו...

עטלעכע מאל האט מיר באשע וועגן דעם גערעדט און איך האב אויך אנגעהויבן טראכטן וועגן אוועקפארן מיט לינען...

ווער ווייס ?..

אין א פרעמדער שטאט, אן פריינט און אן פארבינדונגען... אפשר וועט זיך מיר איינגעבן אוועקצוגיין שטילערהייט פון דער ארגאניזאציע...

קיינער וועט מיך נישט באמערקן, קיינער וועט צו מיר קיין פרעטענזיעס נישט האבן...

איך טראכט וועגן דעם אין וואלד, ווו איך בין נאר וואס געקומען זיך אפרוען פון שטאט.

אין דעם גנבעט זיך צו מיר צו לינע... און באלד נאך לינען באריס.

אין צירק..

זי וויל היינט גיין אין צירק. דער קלאון דוראוו איז געקומען מיט דרעסירטע חזרים, מיט קעץ און מיט מייז...

די שטאט טומלט וועגן דעם דוראוו, און ער אליין, דער קלאון, איז נעכטן דורכגעפארן זיך איבער אלע גאסן אין א קארעטקע, אין וועלכער עס זענען געווען איינגעשפאנט צוויי... חזרים.

— גיי, אויב דו ווילסט..

— און דו ?

— ניין, איך בין פארנומען. -- האט זי זיך געבייזערט, פארוואס איך וויל נישט גיין, און באריס האט מיר געגומען איינרעדן:

— מען דארף גיין אין צירק, מען דארף אומעטום זיין, אלץ זען..

איך האב זיי באגלייט ביז דעם פלאץ, ווו דער צירק איז געשטאנען. ווען איך בין אהין צוגעקומען, האב איך געזען פיל פון אונזערע מיטהעלפער און מיטפילער. זיי זענען אלע געגאנגען אין צירק, געאיילט אפשר נאך פלייסיקער, ווי אויף אונזער פארזאמלונג.

און אליין בין איך אוועק אויף א פארזאמלונג. עטלעכע האבן

בײַ מיר געפרעגט:

—וואו איז לינע?

האָב איך געענטפערט:

—אין צירק...

האָט מען געעפנט ברייט די אויגן: מײַן כּלה זאָל גיין אַ צירק... און איך האָב זיי נישט אויסגעזאָגט, אַז אין דער אמתן האָט מיך אַליין געצויגן אַהין צום קלאָאון דוראָוו. איך האָב זייער געוואָלט זען די קונצן, וואָס ער מאַכט מיט די מייז, מיט די חזירים.. און דאָ אויף דער פאַרזאַמלונג איז מיר לאַנגווײַליק... נאָר גיי, דערצייל זיי, מען וואָלט מיך גוט אויסגעזידלט.

אין עטלעכע טעג אַרום איז פאָרגעקומען אַ געשלעג אין וואַלד. די אַנאַרכיסטן האָבן פאַרפירט אַ מיידל, אַ שוועסטער פון אַ גאַרבער... איצט האָבן די גאַרבער־יונגען בײַ קיינעם נישט געפרעגט, זיי זענען אַליין אַוועק זוכן גערעכטיקייט. מיט גומענע נאַגאַיקעס, מיט שטעקנס און מיט די פאַלצען, וואָס זיי באַנוצן בײַ דער אַרבעט...

זיי האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אין וואַלד און באַלאַגערט די הייזער, וואו די אַנאַרכיסטן האָבן געלעבט.

יענע האָבן דערזען, וואָס דאָ קומט פאָר... אַ סך פון זיי זענען אַנטלאָפן און די, וואָס זענען אַרײַנגעפאַלן צו די גאַרבער אין די הענט, האָבן טייער באַצאָלט.

עטלעכע זענען געבליבן ליגן אויפן גראָז מיט צעשפּאָלטענע קעפּ, מיט אויסגעהאַקטע ציין. אין שטאָט האָט מען זיך דערוואוסט, אַז אין וואַלד קומט עפּעס פאָר, האָט מען זיך אַלאָז געטאָן פון אַלע פאַבריקן, פון די ווערקשטאַטן, עס זענען געלאָפן אַהין יונג און אַלט...

פּאָליציי האָט זיך אויך געאײַלט... פּאָליציי. וואָס האָט זיך ביז ערשט כּמעט נישט אַרײַנגעמישט אין די ווילדע אָרגיעס, וואָס פלעגן פאָרקומען אין וואַלד.

און איצט איז פּלוצלונג אַרויס אַ פאַראָרדנונג, אַז אַלע דאַטשניקעס מוזן זיך גלײַך אין שטאָט אַרײַנציען. איך, לינע און באַשע מיר זאַלבעדריט האָבן אונזער ביסל באַשיידענעם ווירטשאַפט אַריבער־געפירט אין אונזערע צימערלעך און עס האָט זיך ווידער אָנגעהויבן דאָס אַמאָליקע לעבן מיט די באַגעגענישן בײַ באַשען... נאָר עפּע

האָט שוין געפעלט. יענע אינטימע אָוונטן זענען פאַרשוואונדן געוואָרן.

עס זענען צוגעקומען נייע מענטשן, נייע רעדנער, עס זענען צוגעקומען ברייטערע לאָזונגען און נייע פּאַרטייען: די ס. ר. און די מאַקסימאַליסטן. מען האָט זיך געדאַרפט וואַרפן אויף אַלע זייטן, דיס־קוטירן טאָג און נאַכט, ראַנגלען זיך מיט יעדערן.

עס איז אָנגעקומען די שטאַרקסטע צייט פון דער באַוועגונג און דאָס האָט מיך געטראָפן אין אַ מאָמענט, בעת איך האָב גענומען צוויפלען...

בלייבן האָב איך שוין נישט געוואָלט

אַוועקגיין האָב איך נאָך נישט געקענט.

און אַרבעט איז געווען אַ סך, האָב איך דערווייל געאַרבעט און אַ סך מאָל מיט היץ, מיט מסירת־נפש. די אַרבעט האָט נישט גע־לאָזן טראַכטן.

ביז איך בין צום לעצטן מאָל אַרעסטירט געוואָרן. סוף אויגוסט איז דאָס געווען! אַלע פּאַרטייען האָבן דאַן באַשטימט אַן אַלגעמיינעם שטרייק, צוליב דעם, וואָס אין פעטערבורג האָט מען געשאָסן אויף די אַרבעטער.

פּאָליציי האָט זיך געגרייט נישט צו דערלאָזן דעם שטרייק. די בעסטע טוער אונזערע זענען די לעצטע טעג אַרעסטירט געוואָרן, דעריבער האָט יעדער איינער פון די איבערגעבליבענע געמוזט אַר־בעטן פאַר צען.

און איך געדיינק דעם בלייכן הערבסט־פרימאָרגן. פאַרן אַרויס־גיין אין גאַס האָב איך זיך אָנגערופן צו ליבען:

—איך פיל, אַז איך וועל היינט אַרעסטירט ווערן.

איז זי צוגעשפרונגען צו דער טיר און מיך נישט געוואָלט אַרויסלאָזן:

—בלייב אין דער היים, האָט זי זיך ביי מיר געבעטן, נאָר איך האָב באַלד אויפן אָרט אויסגעלאַכט מיין פאָרגעפיל און איך בין אַוועק־געגאַנגען.

עס איז נאָך געווען ליידיק אויף די גאַסן, נאָר אויף די זעל־בע גאַסן און געסלעך זענען שוין געשטאַנען אונזערע פּאַטרולן, וועל־כע האָבן זיך געדאַרפט אַוועקלאָזן אין די נישט זיכערע ערטער, כּדי

נישט צו דערלאָזן, אַז שטרייקברעכער זאָלן זיך שטעלן צו דער אַר־בעט.

דער אַלגעמיינער שטרייק איז שוין געווען צוגעגרייט פון עטלעכע טעג. מיט דעם דירעקטאָר פון דער „קאָנקע" איז געווען אָפּגערעדט, אַז ער זאָל אויף היינטיקן טאָג די וואַגאָנעס נישט אַרויסלאָזן אין שטאָט.

אַ זייגער ניין אין דערפרי האָט מען מיר צעוויסן געגעבן, אַז לעם וואָקזאַל קאָנצענטרירן זיך עטלעכע וואַגאָנעס פון דער „קאָנקע".

איך האָב באַלד אָרגאַניזירט אַ גרופּע און מיר האָבן זיך אַוועקגעלאָזן צו וואָקזאַל. מיט אונז איז אויך געגאַנגען פּיניע דער שניידער, אַ מאַקסימיליסט. מיר זענען אַלע געווען מיט געווער.

פּיניע איז אָבער געווען אַ צו היציקער יונג און אים האָט זיך זייער געוואָלט אָנווענדן זיין „שפּייער", ער האָט דאָך געהאַלטן פון טעראָר, איך האָב אים די גאַנצע צייט איינגעהאַלטן, נאָר ביים סאַמע וואָקזאַל, וואו עס איז געשטאַנען אַ „קאָנקע" מיט צוויי איינגעשפּאַנטע פערד, אין מיטן צעווערטלען זיך מיטן קאָנדוקטאָר האָט פּיניע אַרויסגעכאַפּט זיין רעוואָלווער און ער האָט אַריינגעלאָזן עטלעכע קוילן אין איינעם פון די צוויי אומשולדיקע פערד...

דאָס פערד איז אויפגעשפּרונגען, האָט זיך אַ טרייסל געטאָן און לאַנגזאַם זיך גענומען אַראָפּלאָזן אויף דר'ערד...

עס איז געוואָרן אַ טומל. אַ גרופּע איזוואָזטשיקעס מיט עטלעכע באַן־באַאַמטע זענען צוגעלאָפן צום אָר־ וואו דאָס פערד איז געפאַלן.

געווען ביי זיי אַ רגע אַ בייזע... זיי האָבן אונז געוואָלט פאַרהאַלטן, האָבן מיר אָנגעשטעלט אויף זיי די „שפּייערס", און אָט אַזוי מיט געווער אין האַנט, האָבן מיר זיך גענומען אָפּטראָגן...

דערווייל האָט מען צעוויסן געגעבן פּאָליציי, וועלכע איז געלאָפן צום וואָקזאַל און געוואָלט אונז דעם וועג פאַרצוימען...

מיר זענען איינציקווייז פאַרשוואונדן געוואָרן דורך פאַרשידענע וועגן, איך בין אַרויף אויפן בריק, געוואָלט האָב איך צוקומען צו דער נאָוואָ־שאָסיינע גאַס און דאָרט וואָלט איך זיך שוין געפילט זיכערער... נאָר אויפן בריק האָט מיר אַ גראַדאָוואָי פאַרצוימט דעם וועג.

ער האָט מיך דערזען אומגעריכטערהייד פאַר מיר אַליין. די ערשטע רגע האָב איך זיך געכאַפּט צום רעוואָלווער, נאָר באַלד האָב איך דעם רעוואָלווער באַהאַלטן און גענומען אַנטלויפן...

וואָס־וואָס—אַ לויפער בין איך געווען אַ גוטער.

איך בין אַראָפּ פון בריק, אַריין אין איין הויף, איבער אַ פּאַר־קאַן אין צווייטן הויף, אין אַ גאָרטן... און שאַ... איך האָב זיך באַ־האַלטן לעם אַ וואַנט, אַ גרויסע ליפּע האָט מיך מיט איר בויך פאַר־שטעלט... איך האָב אָבער געהערט אַרום, אַז עס טומלט, מען זוכט מיך...

האָט מיין האַרץ גענומען קלאַפּן, ווי אַמאָל אין קאָרן, בעת דער קאָזאַק האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַררויכערן זיין פּאַפּיראָס...

עס האָט זיך נישט געוואָלט גיין אין תּפיסה, דאָס לעבן אַוועק־געבן, נאָר נישט גיין אין תּפיסה.

עס וואָלט אַלץ דורכגעגאַנגען בשלום, נאָ, אַז עס איז באַשערט אַן אומגליק, וועט ער דיך שוין נישט אויסמיידן.

פון אַ צווייטן הויף האָט אַרויסגעקוקט אין גאָרטן אַ פענסטער. אויפן פענסטער זענען געשטאַנען עטלעכע בלומען־טעפּ, איז די דינסט גע־גאַנגען באַגיסן די בלומען. אין דער רגע האָט זי באַמערקט, ווי עמי־צער באַהאַלט זיך ביי דער וואַנט און פון זעלבן פענסטער האָט זי געזען, אַז אויפן צווייטן הויף לויפט אַרום פּאָליציי און זוכט וועמען, האָט זי גענומען שרייען:

—אָט איז ער, דער גנב!

איך בין אויפגעשפּרונגען פון מיין באַהעלטעניש און זיך ווידער געלאָזן לויפן איבער די פּלייטן. דאָרט איז געווען אַ פּלאָנטער פון גערטנער און ליידיקע פּלעצער. אין איין פרוכט־גאָרטן האָט אַ יידע־נע מיך געוואָלט באַהאַלטן, נאָר איך בין שוין געווען אָנגעלערנט פון דער דינסט, וואָס הזָט מיך אַרויסגעגעבן, האָב איך נישט געטרויט און איך בין געלאָפן ווייטער. צום גליק האָב איך דעם רעוואָלווער אַוועקגעוואָרפן, און דאָס הזָט מיך געראַטעוועט שפּעטער ביים פּראָ־קוראָר, וואו איך האָב געהאַלטן אין איין שרייען, אַז קיין רעוואָל־ווער האָב איך ביי זיך נישט געהאַט.

דערווייל בין איך לויפנדיק אַרויס אויפן פרייען פעלד, און דאָס איז געווען אַ גרויסער פעלער. בלייב זיך אין גאָרטן, וואָלטן מיך

די פּאָליציילייט נישט געפונען, נאָר אויפן פרייען, און אָפענעם פעלד, דאָ האָבן זיי מיך דערזען פון ווייטן.

מען האָט מיך גענומען יאָגן, מען האָט עטלעכע מאָל אויסגע־שאָסן אויף מיר, נאָר איך בין געווען ווייט פון זיי. איך האָב דאָ אויך געהאַט אַ ציל: זאָל איך נאָר דערלויפן ביז דער פאָרשטאָט „ביאַלעסטאָטשעק”. דאָרט האָב איך באַקאַנטע אַרבעטער, איך וועל זיך שוין באַהאַלטן.

פּלוצלונג איז מיר אַנטקעגן אָנגעלאָפן אַ סאָלדאַט אויף אַ פערד, ער האָט געפירט די פּאָסט אין אַ לאַגער און דאָ זעט ער, ווי איינער לויפט אָן אַן אָטעם און פּאָליציי יאָגט אים נאָך... ער האָט אַרויס־געכאַפּט זיין שווערד פון שיידל:

—שטיי, האָט ער אַ געשריי געטאָן, אַז נישט צעהאַק איך דיך אויף שטיקער.

בין איך שוין געבליבן שטיין, געוואַרט אויף מיינע פאַרפאָלגער. זיי זענען צו מיר צוגעלאָפן, אַ גאַנצע באַנדע פּאָליציילייט און ציווי־לע מיטהעלפערס.

אַלע האָבן זיך אויף מיר אַרויפגעוואָרפן:

—דעם רעוואָלווער גיב אָפּ!

—איך האָב נישט קיין רעוואָל...

האָבן זיך אין דער רגע אויף מיר גענומען שיטן קלעפּ פון אַלע זייטן, אין די זייטן, אין קאַרק איבערן פּנים, אין קאָפּ.

נישטאָ קיין מיאוסערע זאַך, ווען צוואַנציק שלאָגן איינעם און נאָך ערגער איז, וואָס דער איינער בין איך אַליין... פון קלעפּ טוט ווי נישט נאָר דער קערפּער, די נשמה פילט זיך איר ווייטאָק און איר מאַכטלאָזיקייט און אַזאַ רגע קאָן משוגע מאַכן. מען האָט מיך אומגעוואָרפן אויף דער ערד, מיט די פיס געטראָטן, דאָס איז געווען אויף אַ זאַמדיקן באָדן, האָבן זיי מיט זייערע פיס כמעט אַ קבר פאַר מיר אויסגעגראָבן.

צעשלאָגן, צעטראָטן און צעבלוטיקט, האָבן זיי מיך דערנאָך מיט זייערע כחות אויפגעהויבן און ווידער די פראַגע:

—וואו איז דער רעוואָלווער?

איך האָב נישט געענטפערט.

איז איינער צוגעלאָפן צו מיר און מיט דער שיידל פון זיין שווערד דערלאַנגט מיר איבערן קאַרק. דער קלאַפּ איז געווען דער שטאַרקסטער.

איך בין ווידער אומגעפאַלן, פון מויל האָט גענומען לויפן בלוט, ווי פון אַ פאָנטאַן... וואָס איז ווייטער געווען? חברים האָבן מיר שפּע־טער דערציילט, אַז מען האָט מיך אַ געחלשטן געפירט אין אַ דראָשקע מיט דריי פּאָליציייסקע, וועלכע האָבן געהאַלטן די רעוואָלווערן איבער מיין קאָפּ.

מען האָט מיך געבראַכט אין פּאָליציי־אַרעסט. דאָרט זענען שוין געזעסן אַ סך פון מיינע חברים, פיניע דער שניידער איז אויך אַרעס־טירט געוואָרן.

ווען די חברים האָבן דערזען, אין וואָס פאַר אַ צושטאַנד מען האָט מיך געבראַכט, האָבן זיי גענומען שרייען, מען זאָל רופן דעם פּראָקוראָר, און אַז דאָס האָט נישט געהאָלפן, האָבן זיי צעטראָגן די נאַרעס מיט דעם אויוון. האָט פּאָליציי אַריינגעשטעלט צו אונז אין קאַמער סאָלדאַטן מיט אַ באַפעל צו שיסן, אויב מען וועט ווידער נע־מען האַקן דעם אויוון...

עטלעכע טעג האָב איך אַזוי זיך אָפּגעוואַלגערט אַ האַלב־טויטער אין אַרעסט־הויז. חברים האָבן געמיינט, אַז איך בין שוין אַ פאַרטיקער.

עס איז געקומען דער שטאָט־דאָקטאָר און האָט באַפוילן מיך אַריבערצופירן אין תפיסה־שפּיטאָל.

איך בין ווידער געווען אין טורמע. דער פּראָקוראָר מיטן אויס־פאָרשער האָבן מיך שוין עטלעכע מאָל אויסגעפרעגט, זיי האָבן זיך געגרייט מיר צו מאַכן אַ פּראָצעס, וואָס האָט געשמעקט מיט קאַטאָרגע, עס האָבן זיך געפונען עדות, וועלכע האָבן געזאָגט, אַז זיי האָבן אַליין געזען, ווי איך האָב געשאָסן אויף דעם פערד ביים וואָקזאַל.

און דער גאָרָאָדאָוואָי האָט געהאַלטן אין איין טענהן, אַז איך האָב אויף אים געוואָלט שיסן.

איך וואָלט אפשר אַוועק אויף קאַטאַרגע, נאָר אין צוויי חדשים זענען אָנגעלאָפן געשעענישן, וועלכע האָבן צו נישט געמאַכט די באַנ־צע באַשולדיקונג...

IX

# פֿאַרסעליעז...

די קלעפּ, וואָס איך האָב באַקומען בעתן אַרעסט אין פֿעלד, האָבן זיך שפּעטער שטאַרק געגומען אָפּרופֿן, דער תפֿיסה־דאָקטאָר קאַסאַטקין, האָט געקוקט אויף מיר און האָפֿנונגסלאָז געשאָקלט מיטן קאָפּ.

פֿון תפֿיסה האָט מען מיך אַריבערגעפֿירט אין שטאָטישן שפּיטאָל. מען האָט מיך אַריינגעפֿירט אין אַ גרויסע פּאַלאַטע, וואו עס זענען געלעגן עטלעכע צענדליק קראַנקע, מען האָט ביי מיר צוגענומען מיינע בגדים און איך האָב געמוזט אָנטאָן אַ געלן כאַלאַט, נאָר מיט איין זאַך האָב איך זיך נישט געוואָלט שיידן, מיט דער שוואַרצער בלוזע...
איז די גאַנצע „נאַטשאַלסטוואָ" פֿון שפּיטאָל צו מיר אַרויפֿגעקומען

—די שוואַרצע בלוזע מוז מען אויסטאָן...

—איך וויל נישט.

—וועט מען דיך צווינגען.

—פּרובט!

אין בין גרייט געווען צום גרעסטן סקאַנדאַל. פֿאַרוואָס האָב איך דעמאָלט אַזוי פֿאַרטיידיקט די שוואַרצע בלוזע, ווייס איך נישט און איך קאָן זיך דאָס נישט דערמאָנען.

נאָר איך האָב אויסגעפֿירט: ווייזט אויס, אַז זיי האָבן מיך דעמאָלט אָנגענומען פֿאַר אַ געפֿערלעך־קראַנקן—איך האָב פֿון די קלעפּ מיט בלוט געשפּיגן און דערפֿאַר האָבן זיי מיר נאָכגעגעבן.

אין שפּיטאָל האָב איך פֿאַרבראַכט עטלעכע וואָכן. דאָס איז געווען אַ קאַמף פֿאַר יעדן טריט, פֿאַר יעדע רגע לעבן.

שוין דעם ערשטן טאָג, בעת מען האָט מיר אָנגעוויזן מיין בעט, האָב איך דערזען, אַז דער געלעגער איז פֿאַרבלוטיקט און דערוואוסט האָב איך זיך, אַז מיט אַ טאָג פֿריער איז אויף דער זעלבער בעט געשטאָרבן אַ פֿאַרוואונדערטער באַנדיט...

איך האָב געבעטן אַנדערע וועש, האָט מען מיך אויסגעלאַכט, האָב איך „פאַרשטרייקט״ און אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן, אויף מאָרגן האָב איך אויסגעפירט.

איך האָב געהאַט אויף זיך אַ שמירה. אַ פּאָליציאַנט איז פון מיר נישט אָפּגעגאַנגען, בין איך געשלאָפן, איז ער געזעסן אויף מיין בעט און געלויערט, ווייל איך זיך דורכגיין, גייט ער מיר נאָך יעדן טריט...
שפּעטער האָב איך מיט דעם פּאָליציאַנט זיך אָנגעהויבן צו שפּילן, די גאַנצע „פּאַלאַטע״, אַלע קראַנקע זענען געווען פאַראינטערעסירט אין דער שפּיל. בעת דער פּאָליציאַנט פלעגט זיך אויף אַ רגע אָפּקערעווען, שפּרינג איך אַראָפּ פון מיין געלעגער און איך באַהאַלט זיך אונטער אַ פרעמדע בעט, אָדער אין קאָרידאָר...

יענער כאַפּט זיך און נעמט מיך זוכן:

—וואו איז דער פּאָליטישער? ער לויפט, און די קראַנקע לאַכן.

צו מיר פלעגן איצט קומען אין שפּיטאָל אַלע מיינע באַקאַנטע. לינע האָט כסדר געבראַכט „גוטע זאַכן״: פּרוכט, שאָקאָלאַד און ביכער.

אין שטאָט האָט מען גערעדט, אַז איך בין שוין אַ פּאַרטיקער, אַז איך וועל לאַנג נישט אָנציען, ווייל מען האָט מיר אַראָפּגעקלאַפּט די לונגען. איך האָב געזען די בליקן פון מיטגעפיל, איך האָב נישט איינמאָל אויפגעציטערט פון דעם געדאַנק:

—צי דען איז שוין דער סוף?

און לינע איז געלאָפן צום פּראָקוראָר, צום בייזן זשאַנדאַרמסקי גריבאָיעדאָוו, אומעטום איז זי געלאָפן, געוואָלט מיך אַרויסראַטעווען, גאָר עס האָט נישט געהאָלפן.

אין שפּיטאָל האָב איך אַ סך געליינט, אַ סך גערוט און די יונ־גע ביינער האָבן אויסגעהאַלטן, איך האָב זיך פון יעדן טאָג געפילט בעסער. דער דאָקטאָר האָט אויך געזאָגט, אַז ער האָט זיך אויף דעם נישט גערעכנט. און דער געדאַנק, אַז איך וועל לעבן און געזונט זיין, האָט אַזוי שטאַרק אויפגעמונטערט. איך בין אַ גאַנצן טאָג אַרומגעלאָפן איבער די גרויסע חדרים, זיך באַקאַנט און אויפגעחברט מיט פיל קראַנקע.

נאָר בעסער, ווי מיט אַלעמען, האָב איך געלעבט מיט דעם הונ־דערט־יעריקן יעגאָראָוו. ער איז געווען בלינד און צוליב אַלטקייט

האָט מען אים דאָ געהאַלטן. דאָס איז געווען אַ הויכער קריסט, פון יאָרן אַ ביסל געבויגן, נאָר באַמערקט האָט זיך אָן זיין געבויגענעם רוקן, אַז די אַלטקייט פירט מיט אים אַ ביטערן, האַרטנעקיגן קאַמף...

ער לאָזט זיך נישט...

אַרום אים, אַרום זיין בעט און טישל איז שטענדיק ריין און ציכטיק געווען. דער אַלטער פלעגט מיט די בלינדע הענט צענויפּ־קלויבן יעדעס ברעקעלע אַרום זיך און, ווי נאָר איך פלעג צוקומען צו אים, פלעגט ער נעמען דערציילן מעשיות פון סיביר, וואו ער האָט אָפּגעלעבט זיין לעבן אַלס יעגער. ער פלעגט כאַפּן חיות פאַר די הענדלער פון רויכוואַרג...

און יעדן טאָג פלעגט ער זיך דערמאָנען נייע מעשיות.

אַ גאַנצן חודש איז ער איינמאָל נאָכגעגאַנגען אַ פוקס און ביידע: דער קלוגער מענטש און דער קלוגער פוקס, האָבן אויסגעקליבן אַלע מיטלען אין קאַמף... ביז דער מענטש האָט געזיגט.

בעת ער פלעגט דערציילן פון וואַלד־לעבן, פון דעם ציטער, וואָס טראָגט זיך איבער די פאַרשנייטעביימער. האָב איך דעם וואַלד געזען און דעם שניי געזען, איך האָב געהערט דעם שאָס און נאָכ־געגאַנגען זיי ביידען, דעם מענטש באַזונדער און די חיה באַזונדער...

און אָט האָט זיך דער מענטש פאַרפּלאָנטערט אין די געדיכטע וועלדער, ער קאָן ווייטער נישט גיין, ביז אים איז דאָ נאָך קיין מענטשישער פוס נישט געשטעלט געוואָרן און דער וואַלד שטייט, ווי אַ וואַנט... די חיה באַנוצט זיך מיט אַזאַ באַשיצונג און ווערט אויף עטלעכע טעג פאַרשוואונדן, אויף דעם שניי בלייבן אָבער סימנים פון אירע „לאַפּקעס".

דער מענטש רוט נישט, ביז ער דערגרייכט זיינס.

איך האָב זייער באַדויערט, בעת מען האָט מיך צוריק אין תפיסה אַוועקגעפירט, איך האָב נאָך דעם דאָזיקן יעגעראָוו אַ לאַנגע צייט גע־בענקט און איצט נאָך אַזויפיל יאָרן, בעת איך דערמאָן זיך זיין נאָ־מען און זיין ווייסע געשטאַלט... דערמאָנען זיך מיר באַלד אַ סך אור־אַלטע ווינטערדיקע וועלדער, וואו די סטרונעדיקע שטילקייט פאַרגלי־ווערט זיך אין אַן אייביקייט, וואו די שוואַרצע פוקסן לאָזן צייכנס אויפן שניי פון ווייסע לאַפּקעס...

אַמאָל פאַרבלאָנדזשעט דאָרט אַ מענטש אין די שנייען. נישט צו־

יק און נישט פאַרויס. ער קאָן מער נישט שפּרייזן, פאַלט אַוועק אין שניי, ביז די קעלט דערוואַרעמט אים און ער שלאָפט איין אויף אייביק...

יעגאָראָוו פלעגט עס אַזוי שיין דערציילן.

ווען איך בין צוריק געקומען פון שפּיטאָל אין תּפיסה, האָב איך דאָרט געפונען אַ סך באַקאַנטע. די טורמע איז פול געווען מיט פּאָליטישע.

אונזער תּפיסה...

אין גאַנץ רוסלאַנד איז די געווען באַקאַנט אַלס אַ „לייכטע תּפיסה". די אַרעסטאַנטן, וואָס פלעגן אָנקומען צו אונז מיטן עטאַפּ, האָבן זיך נישט געקאָנט אָפּלויבן פון דעם „האָטעל", ווי זיי פלעגן אונזער תּפיסה אָנרופן.

און אין „האָטעל" זענען איצט געווען אַ סך אַנאַרכיסטן. סוף-כּל-סוף האָט זיך פּאָליציי אויך צו זיי גענומען און אונזער פּראָקוראָר האָט זיך אויסגעדריקט, אַז דער גאַנצער קאָדעקס מיט אַלע פּאַראַגראַפן דאַרף צו זיי אָנגעווענדט ווערן.

און שמואלקע איז אויך געווען איצט אין תּפיסה. ער האָט דאָ מער לשון באַקומען, ווי אויף דער פריי.

—איר זענט ערגער, ווי די בורזשועס, האָט ער שטענדיק צו אונזערע געשריגן. די בורזשועס פאַרטיידיקן זיך אַליין און איר העלפט זיי צו, איר זענט זייערע מעקלערס...

אָבער נישט אַלע אַנאַרכיסטן האָבן זיך דאָ געקימערט וועגן פּראָלעטאַריאַט און וועגן די בורזשועס. די גרעסטע צאָל פון זיי האָט קאָמבינירט מיט אַלע מעגלעכקייטן זיך אַרויסצודרייען פון דער תּפיסה. דאָס זענען געווען די רייכע זינדלעך. פון דער היים פלעגט מען זיי שיקן גוט אָפּצועסן און טאַטע-מאַמע האָבן שוין גוט געזאָרגט, מען זאָל זיי באַפרייען...

אויף קיין „עקסן" האָט מען אין תּפיסה נישט געקאָנט גיין, נאָר די „פרייע ליבע" האָט אויך דאָ, אין דער תּפיסה, עקזעסטירט.

עס איז אומגלויבלעך, און דאָך: אין תּפיסה, אין „האָטעל" איז דאָס פאָרגעקומען. אונטן, אויפן ערשטן שטאָק זענען געזעסן די פרויען. צווישן זיי פיל „קרימינעלע" און אַ גרויסע צאָל פּאָליטישע. די אַנאַר-

ביסטקעס האָבן זיך פארשטענדיקט מיט זייערע חברים...

און ביינאַכט האָט מען אויפגעעפנט די קאַמערן. מען פלעגט ברייגגען בראָנפן, פאַר געלט האָט מען אַלץ געקריגן ביי אונז אין „האָטעל".

עס האָבן זיך דאָ אָנגעהויבן די אָרגיעס, וואָס פלעגן פריער פאָרקומען אין וואַלד. מען האָט זיך געשושקעט, אַז אויך דער נאַ־טשאַלניק פון תפיסה מיט זיין געהילף נעמען אָנטייל אין די אָרגיעס...

די איבעריקע פאָליטישע פרויען האָבן פראָטעסטירט, האָט מען זיי איבערגעפירט אין אַ צווייטן קאַמער.

אונזער טורמע האָט דאַן געשמט אין אַלע טורמעס אין רוסלאַנד. אַנדערע האָבן פשוט געהאַלטן פאַר אַ גליק אַריינצופאַלן צו אונז.

איך בין געזעסן אין איין קאַמער מיט פיניע דעם שניידער. אונז ביידען האָט מען באַשולדיקט אין איין זאַך: מיר האָבן דער־שאָסן אַ פערד, מיר האָבן מיט געווער אין די הענט גערופן צו אַ שטרייק.

עס איז געווען מעגלעך, אַז איינער פון אונז זאָל באַפרייט ווערן, דעמאָלט ווען דער צווייטער וואָלט אויף זיך אַליין די שולד גענומען.

נאָר יעדערער פון אונז ביידען האָט געוואָלט זיין דער צוויי־טער. פיניע האָט גערעדט:

—איך האָב געשאָסן און איך בין שולדיק.

איך האָב אים אָבער שטענדיק געגעבן איין ענטפער:

—מיר זענען ביידע געגאַנגען צוזאַמען און מיר טראָגן ביידע איין שולד. פאַר דעם פראָקוראָר און פאַר די זשאַנדאַרמען האָבן מיר זיך ביידע נישט מודה געווען. זענען מיר געבליבן אונטער די קראַ־טעס.

עס איז געווען זייער שווער דעמאָלט צו זיין פאַרשפאַרט, ווייל אין לאַנד האָט געקאָכט, ווי אַ קעסל, עס איז געווען ערב די גרויסע געשעענישן פון אָקטאָבער. אין טורמע האָט יעדער קלאַנג גערייצט און יעדע קליינִיקייט האָט אויסגעזען פיל גרעסער.

מיר האָבן געוואַרט אויף נסים...

נאָר אין יענע טעג פון ערוואַרטונג איז מיר אויסגעקומען דורכ־

צולעבן זייער שווערע טעג. איך האָב פון לעבן באַקומען דעם ערשטן און שטאַרקסטן פּאַטש אין פּנים:

איינמאָל האָב איך אין טורמע דערהאַלטן אַ קליין בריוועלע פון לינע אַבראַמזאָן, וואו זי שרייבט, אַז זי פּאָרט אַ ביסל קיין אויסלאַנד, אין דער שווייץ, זי וויל לערנען...

—האַ...

מער וואָלט איך נישט וועלן האָבן אַזעלכע רגעס...

זי פּאָרט קיין אויסלאַנד, בעת איך ליג דאָ אין שמוץ, בעת מען האָט מיך שוין כמעט דאָס לעבן אָפּגעזאָגט פון די קלעפּ, וואָס איך האָב באַקומען. זי פּאָרט קיין אויסלאַנד... זי אַנטלויפט פון מיר...

אין בריוועלע רופט זי מיר אָן „טייערער", זי שרייבט: „מיר וועלן זיך נאָך זען", „עס וועט אַלץ גוט זיין".

ווען איך וואָלט זיך דעמאָלט צעלאַכט, וואָלט עס געווען משוגעת, און וויינען האָב איך נישט געקענט, האָב איך אינסטינקטיוו גענומען לייפן צום טיר, געוואָלט האָב איך לויפן צו לינען, צו באַשען... ניין, מען לאָזט נישט אַרויס. אין „האָטעל" איז טאַקע געווען נישט שלעכט, נאָר אַרויסלאָזן וויל מען נישט...

שפּעטער בין איך געלעגן אויף די נאַרעס און עס איז נישט געווען פאַר וועמען צו רעדן און מיט וועמען צו רעדן. איך האָב איין זאַך געוואָלט: אויסוויינען זיך.

אָט אַזוי ווי אַ קינד...

אָט אַזוי ווי אַ פרוי, נאָר קיין טרערן זענען נישט געקומען— יענע טעג האָבן מיך צופיל פאַרשטיינערט.

עס זענען אַוועק שווערע בלייענע וואָכן. די גאַנצע תּפיסה מיטן הערבסטיקן הימל, דער גאַנצער בליי פון דער וועלט האָט זיך מיר אַרויפגעלייגט אויף דער נשמה...

און דאָרטן אויפן ערשטן שטאָק, אין דער פרויען־אָפּטיילונג פון דער תּפיסה, שליסן זיך אויף ביינאַכט די טירן. מענער גנבענען זיך צו פרויען, צו זייערע חברטעס פון דער פריי. די תּפיסה שושקעט זיך ביינאַכט. אַמאָל דערהערט זיך אַ געשריי פון אַ שיכורן אַרעסטאַנט, אַ געלעכטער פון אַ צעווילדערטער פרוי...

אָדער... אַ קייטן־קלינג פון אַ צוגעשמידטן אַרעסטאַנט...

אין אַזעלכע נעכט בין איך נישט איינמאָל צוגעגאַנגען צו די קראַטעס, אַרויסגעקוקט אין דער פינסטערניש און געריעדט צום קאַלטן אייזן פון דער קראַטע:

הער זיך איין, נאַכט! הער זיך איין, ווי מאַכטלאָז עס קלאַפּט מיין האַרץ... איך בין נישט ערגער און נישט בעסער פאַר די מענטשן, נאָר איך האָב געוואָלט זיין בעסער, איך בין מיט אַן אָפענע נשמה געגאַנגען צו זיי, האָט מען מיך אויסגעלאַכט... הער זיך איין נאַכט! מירביידע וועלן שליסן אַ פאַרבאַנד, איך מיט דיין גרויסן שווייגן און פאַראַטן וועל איך דיר נישט.

ביסלעכווייז האָב איך דערגאַנגען אין תפיסה, ווי אַזוי לינע איז אַוועקגעפאָרן. איך בין געזעסן. איך האָב געהאַט אויף זיך אַ שווערן פראָצעס און צו איר זענען אירע קרובים צוגעשטאַנען:

—פאָר אַוועק, ער וועט סיי־ווי־סיי אַזוי גיך פון טורמע נישט אַרויס, וואָס וועסטו זיך דאָ אַרומוואַלגערן?

זי האָט זיך געלאָזן איינרעדן און אפשר האָט זי דאָס שוין לאַנג געוואָלט... ניין, אָבער לאָזן מיך אין אַזאַ לאַגע, ווי אַזוי האָט זי דאָס געקענט? און באַשע! וואו איז באַשע געוועזן? זי האָט אונז דאָך באַ־קאַנט געמאַכט, זי האָט אונז דאָך ביידע ליב געהאַט. איך האָב נישט געוואָלט וועגן דעם טראַכטן און פון קיין אַנדערע זאַכן האָב איך נישט געקאָנט טראַכטן...

טעג זענען געגאַנגען, נעכט, וואָכן... איך האָב געזוכט אַ שטראַל, געוואָלט זיך אָן עפּעס אָנכאַפּן, אויף עפּעס האָפן און וואַרטן...

עס איר אַלץ איינס געוואָרן: תפיסה צו פרייהייט און דאָ לאַכן די אַרעסטאַנטן. מען מוז, מען מוז מיטלאַכן... פיניע האָט יאָ באַמערקט, אַז ביי מיר איז עפּעס פאָרגעקומען, האָב איך אים געבעטן, ער זאָל ביי מיר גאָרנישט פרעגן און ער האָט מער נישט געפרעגט, נאָר פון צייט צו צייט פלעגט ער וואַרפן אַ בליק אויף דער נאַרע, וואו איך האָב זיך געקאָרטשעט פון ווייטאָק און מאַכטלאָזן שווייגן. אין תפיסה האָט מען זיך אָבער גיך דערוואוסט: לינע אַבראַמזאָן איז אַוועקגע־פאָרן קיין אויסלאַנד. האָב איך זיך אָבער געכאַפּט און געזאָגט אַז מיר האָבן אַזוי אָפּגערעדט און קיינער האָט מיר מיט דעם נישט דאַ־קוטשעט...

עס האָבן זיך אָנגעהויבן די טומלדיקע טעג...

ערב דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע...

צו אונז זענען דערגאַנגען קלאַנגען וועגן גרויסע שטרייקן, וועגן ריזיגע דעמאָנסטראַציעס פון אַרבעטער און סטודענטן.

די באַנען האָבן זיך אָפּגעשטעלט, אַלע פאַבריקן שטייען...

רוסלאַנד טרייסלט זיך. אין טורמע איז געוואָרן אַן אומרואיק לעבן, מען איז כסדר געלאָפן צו די פענסטער, אַרויסקוקן אויף דער ווייטער גאַס, ווייט אַריינגעקוקט אין דער באַוועגונג פון שטאָט... אפשר, אפשר שוין...

עס וועט עפּעס זיין, עפּעס וועט פאָרקומען...

שטילער. שאַ! לאָזט צו צום פענסטער. עפּעס גייען דאָך אַ סך מענטשן. פון דער ניקאָלאַיעווער גאַס גייען זיי...

מיט פאָנען, מיט רויטע פאָנען.

שטילער!

מען זינגט...

צוגעלייגט דעם אויער צו די קראַטעס. איינגעהערט זיך, אָנגעשטריינגט זיך, און געכאַפּט עטלעכע קלאַנגען...

מאַרסעליעזע...

די שומרים פון תּפיסה, דער נאַטשאַלניק מיט זיין געהילף, אַלע זענען אַזוי גוט היינט געוואָרן, אַזוי צעטראָגן און אומרואיק...

אורא!

פון ווייטן, פון גאָר נאָענט האָט זיך דער געשריי צו אונז געטראָגן... און אָט איז שוין דער עולם ביי דער טורמע. מען שרייט, מען זינגט און מיר דערוויסן זיך פון די געשרייען, אַז דער צאַר האָט געגעבן אַ קאָנסטיטוציע... אַז רוסלאַנד איז שוין פריי...

און אויב רוסלאַנד איז שוין פריי, באַדאַרפן מיר דאָך שוין נישט זיצן אין תּפיסה...

אַרויסלאָזן...

מיר, פון אינעווייניק און דער עולם אויפן גאַס. מען האָט אָנגעהויבן פאָדערן ביים נאַטשאַלניק, ער זאָל אונז אַרויסלאָזן, דער נאַטשאַלניק האָט זיך געבעטן, אַז ער טאָר נישט אָן אַ באַפעל, ער האָט נישט קיין רעכט קיינעם אַרויסצולאָזן, און ער האָט אָפּגעשיקט דעם

עולם צום פּראָקוראָר. זאָל דער פּראָקוראָר באַפעלן, ווען ער אַלעמען אַרויסלאָזן.

עס איז באַלד אַוועקגעלאָפן אַ דעפּוטאַציע צום פּראָקוראָר. דער־ווייל איז אָנגעקומען מיליטער און מען האָט אַרומגערינגלט די טור־מע פון אַלע זייטן... נאָר די סאָלדאַטן זענען היינט אויך געווען אַנ־דערע ווי אַלעמאָל; זיי האָבן אונז געלאָזן זיך איבערשרייען מיטן עולם פון גאַס.

מיר האָבן געשריגן פון די פענסטער, איבער די קעפּ פון די זעלנער...

—יאָ, אַ קאָנסטיטוציע, עס וועט זיין אַ פּאַרלאַמענט אין רוסלאַנד, נישטאָ שוין מער קיין סאַמאָדערזשעץ...

—אורא!..

—עס לעבע די פרייהייט!

און די גאַנצע גאַס האָט גענומען זינגען מאַרסעליעזע.

—לאָמיר אויך זינגען, האָט ווער פון די אַרעסטירטע אַ געשריי געטאָן... און אין די ווענט פון תּפיסה האָבן גענומען הילכן די מוג־פערע קלאַנגען. עס האָבן געזונגען אַלע: די פּאָליטישע און די קרי־מינעלע, דעם נאַטשעלניק האָבן מיר אַרומגערינגלט, און ער האָט אויך געמוזט מיטזינגען.

ווען די גאַס האָט דערהערט, אַז מיר זינגען, איז דער גאַנצער עולם שטיל געוואָרן.

—שאַ... די טורמע זינגט...

און אונזער מאַרסעליעזע איז געווען באַדייטענדער, ריזיקער: די מאַרסעליעזע אונטער די קראַטעס, עס האָט דעם עולם באַגייסטערט און אויפגעמונטערט.

—אַרויסלאָזן!—האָבן זיך געטראָגן געשרייען פון אַלע זייטן.

—אַלע אַרעסטירטע אַרויסלאָזן, נאָר די דעפּוטאַציע פון פּראָקו־ראָר איז נאָך נישט צוריקגעקומען.

דערווייל האָט איינער פון אונזערע זיך אָנגערופן, אַז מען מוז אויף דער טורמע אויפהייגען אַ רויטע פאָן...

אָבער וואו נעמט מען רויטע שטאָף?

אַ קלער, אַ טראַכט... עס איז דאָ.

אַ חבר האָט געהאַט אַ קישן און די קישן איז אין אַ רויטע אײנ־שיטעכץ... איין סעקונדע, מען צערייסט די קישן און די פעדערן פליען אַרויס, עס פאַרשיט אונז אַלעמען... אַלע ווערן פאַרפעדערט, נאָר אַ פאָן איז דאָ, מיר לויפן צו צום פענסטער, דורך די קראַטעס באַווייזט זיך אונזער שטאַנדאַר...

דער עולם אויפן גאַס דערזעט די רויטע פאַרב אויפן פענסטער פון תפיסה, און עס דונערט ווידער...

—אוראַ!.. עס לעבע די פרייהייט.

מיר זענען געוואָרן גוואַלדיק אומגעדולדיק. פריער האָט יעדע־רער פון אונז נאָך געטראַכט דאָ צו זיצן חדשים, יאָרן און איצט איז שוין יעדע רגע געוואָרן טויזנט מאָל שווער און איבעריק.

און די גאַס שרייט דערווייל אירע אויסגעשרייען. די גאַס זינגט...

מאַרסעליעזע...

עס הויבט זיך אויף אַזאַ פרייליכער שטורם אין האַרצן, עס פאַרגעסט זיך אָן אַלע לינעס, עס פאַרגעסן זיך אַלע קליינלעכקייטן... מען זאָל קאָנען אַזוי אַ לעבן אָפּלעבן מיט אַזאַ מונטערקייט, מיט אַזאַ ריטמישן צוטאַנצן פון דער גאַנצער נשמה...

—אוראַ!

דער פּראָקוראָר איז אַליין אַראָפּגעקומען אין תפיסה. מען האָט אונז אָנגעהויבן אַרויסצורופן אונטן, אין קאַנצעלאַריע... פינף, צען, צוועלף... ביז פופצן מענטשן האָט ער אויסגעקליבן צו באַפרייען... איך בין אויך דאָ אין צעטל. און די איבעריקע? די איבעריקע האָט ער קיין רעכט נישט צו באַפרייען. אין טורמע ווערט אַ טומל, אַ געשריי, אַ קלאַפּעריי... די קרימינעלע, די אַנאַרכיסטן—אַלע ווילן געניסן פון דעם חסד. נאָר מיר, די באַפרייטע, זענען שוין אויף דער גאַס...

דער עולם באַגעגנט אונז מיט פרייד, מיט געזאַנג, מען טראָגט אונז אויף די הענט, מען קושט זיך מיט אונז, נאָר אַלע זענען מיר אויסגעפעדערט, לאַכט דער עולם און מיר דערציילן:

—אַ קישן האָבן מיר צעריסן און פון דער איינשיטעכץ האָבן מיר געמאַכט די פאָן...

איך בין איבעראַשט, איך פריי זיך מיטן פולן האַרצן... פּלוצ־

לונג באַמערק איך באַשען גוּוישן עולם. איך דערזע זי און מיין גאַנ־
צע פרייד ווערט ערגיץ איינגעזונקען: לינע האָט זיך מיר דערמאָנט.
לינע איז דאָ נישטאָ, לינע איז ווייט, זי איז פון מיר אַנטלאָפן אין
אַזאַ צייט!

איך לויף צו צו באַשען, מיר צעקושן זיך און מיין ערשטע
פראַגע צו איר איז:

—לינע איז אַוועקגעפאָרן, האַ? נישטאָ לינע?

און באַשע, אויף איר שטייגער, נעמט זי גלייך פאַרטיידיקן:

—זי איז דאָך נישט אויף שטענדיק אַוועקגעפאָרן, זי וועט נאָך
קומען, זי שרייבט, אַז זי בייַנקט נאָך דיר...

—ניין, צו מיר וועט זי שוין נישט קומען, פאַר מיר איז זי
געשטאָרבן.

—הער אויף אַזוי צו ריידן, בעט זיך באַשע—ווען איך וועל דיר
עפּעס דערציילן, וועסטו זען, אַז זי האָט געמוזט אַזוי טאָן.

—וואָס... נאָר מיר האָבן איינגאַנצן פאַרגעסן, וואָס פאַר אַ טאָג
היינט איז, היינט איז אַ יום־טוב פון די יום־טובים... דער עולם שטו־
רעמט, דער עולם שרייט, מען זאָל אַלע אַרעסטאַנטן אַרויסלאָזן. מען
וויל שטורעמען די תּפיסה, די סאָלדאַטן שטופּן דעם עולם צוריק...

און פּלוצלונג נעמען קנאַקן ביקסן...

קיינער האָט זיך אויף דעם נישט געריכט.

קאָנסטיטוציע, פרייהייט, גלייכהייט...

מענטשן נעמען לויפן, ווי משוגענע, ווי פאַרסמטע. עטלעכע
פאַלן אויף דר׳ערד, עס דערהערן זיך קרעכצן פון פאַרוואונדעטע.
מען אַנטלויפט, מען באַהאַלט זיך אויף די הויפן, אין די טויערן, אין
עטלעכע מינוט לויפן מיר אַלע צוריק צו דער טורמע. אויפגערעגטע,
בייזע... עס קלייבט זיך ווידער צונויף אַ גרויסער עולם.

מען קוקט, מען פרעגט איינער ביים צווייטן׳

—פאַרוואָס האָבן זיי געשאָסן, די סאָלדאַטן?

—וואָס איז דאָ פאָרגעקומען?

—זיי האָבן קיין רעכט נישט געהאַט צו שיסן...

יאָ רעכט, נישט רעכט... אויף דר׳ערד זענען געבליבן צוויי
געהרגעטע און זעקס פאַרוואונדעטע. דער עולם דערזעט בלוט און

ער צינדט זיך אָן פון כּעס און נקמה.

אין די סאָלדאַטן נעמען פליען שטיינער, איינער כאַפּט אַרויס אַ רעוואָלווער פון קעשענע...

דעמאָלט דערהערט זיך דעו צווייטער זאַלפּ, און די סאָלדאַטן גיבן־זיך אַ לאָז אויף אונז מיט די קאָלבעס...

וואו ?.

אין פינף מינוט איז שוין די גאַנצע גאַס געווען ליידיק, בלויז די זעלנער לויפן אַרום מיט די ביקסן אין די הענט, גרייט צו שיסן...

מיר האָבן זיך אַרומגעדרייט, ווי די שאָטנס אויף די הינטער־געסלעך.

פרייהייט, ס'איז דאָך אַ ליגן געווען די גאַנצע געשיכטע: אין רוסלאַנד וועט קיינמאָל קיין פרייהייט נישט זיין.

יעדע רגע האָט מען צוגעטראָגן אַ נייעם גרוס, דער איז דער־הרגעט, יענע... מיט אַמאָל דערהער איך באַשעס נאָמען... באַשע... עס איז מיר קאַלט געוואָרן, איך האָב אָנגעהויבן אַרומלויפן איבער די גאַסן, אין שטאָט איז רואיקער געוואָרן.

אַ פאַרבייגייענדער בעל־הבית האָט שוין אַריינגעוואָרפן אַ גיפטי־קע פראַזע:

—זיי האָבן געמיינט, זיי האָבן שוין פרייהייט, די חברה־לייט, ניקאָלאַי איז שטאַרקער פאַר זיי.

אין צוויי שעה שפּעטער בין איך שוין געווען אויפן הויף פון יידישן שפּיטאָל, אין דער ריי פון די הרוגים האָב איך דערקענט מיין בעסטן, אונזער אַלעמענס בעסטן פריינט, אונזער מומע באַשע...

זי איז געלעגן אין איר באַשיידענעם זשאַקעטל, מיט אַ פאַר־בלוטיקטן קאָפּ, אירע בלאָנדע האָר זענען געווען צעשאָטן, די אויגן, די ליפּן—רואיק...

דערציילט האָט מען, אַז זי איז דערהרגעט געוואָרן, בעת זי איז געלאָפן העלפן אַ פאַרוואונדעטן...

איך האָב אָבער זייער ווייניק געהערט, וואָס מענטשן ריידן אַרום, איך האָב דעמאָלט געוויינט, פאַר באַשען האָבן זיך געגוג טרערן געפונען ביי מיר...

דערנאָך האָט מען גערעדט אין שטאָט, אַז די, וואָס האָבן

פּאַסן, וועלן איבערגעגעבן ווערן צום געריכט, נאָר פון די אַלע רייד איז קיין איין דערהרגעטער נישט לעבעדיק געוואָרן.

און עס איז טאַקע דעמאָלט געקומען די פרייהייט, עס האָבן זיך אָנגעהויבן ריזיקע מיטינגען, אויף די גאַסן, אין די גרעסטע פאַב־ריקן...

עס האָבן זיך באַוויזן נייע מענטשן, נייע רעדנערס. פון די שמאָלע טייכעלעך איז געוואָרן אַ גרויסער ים, און אין דעם דאָזיקן ים האָט מען מיין קליין שיפעלע קוים אָנגעזען...

איך האָב זיך אַרומגעפלאָנטערט אין דעם נייעם טומל און קיין אָרט זיך נישט געפונען.

מאָדנע האָט עס מיר אויסגעזען, בעת בערל דער דרוקער איז מיך געקומען רופן אויף אַ זיצונג פון קאָמיטעט. אויסגעדוכט האָט זיך מיר, אַז אַלץ איז שוין דערגרייכט געוואָרן, צו וואָס ווידער זיצונגען?

בין איך ווידער געזעסן מיט מיינע חברים אויף באַראַטונגען, איך האָב מער געשוויגן, ווי גערעדט, עס איז מיר איינג געווען דאָס לעבן. עפּעס דער גאַנצער רייץ פון דער אַרבעט איז אַוועק: מען דאַרף זיך שוין נישט באַהאַלטן, מען דאַרף שוין נישט פאַרהייגגען די פענסטער, מען דאַרף שוין נישט רעדן שטיל... פּאָליציי וועט שוין מער נישט באַצאָלן, די שפּיאָנעס לויערן נישט אויף אונז. דאָס איינ־טימע, דער סוף, די קאָנספּיראַציע האָט אויפגעהערט.

אין די ביכער־געשעפטן האָבן זיך באַוויזן ביכער, פאַר וועלכע מען האָט פריער געפוילט אין די תפיסות. די פּראָקלאַמאַציע, פאַר וועלכער מען האָט מיט אַזוי פיל מסירת־נפש געאַרבעט, האָט זיך איצט געדרוקט פראַנק און פריי.

איך האָב שוין נישט געאַרבעט, איך האָב זיך בלויז נאָכגע־שלעפּט נאָך דער אַרבעט, בלויז עטלעכע אַלטע פעדעם האָבן מיך צוגעהאַלטן.

איך האָב דעמאָלט באַקומען אַ בריוו פון לינען. געשריבן האָט זי, אַז זי וואַרט אויף מיר און, אויב איך וויל, וועט זי קומען צו מיר. זי לערנט און איז צופרידן, זי האָט זייער באַדויערט באַשעס טויט...

לינע...

דער נאָמען האָט נאָך אַרויסגערופן אַ ציטער אין מיין נשמה, נאָר די איבערלעבונגען מיט איר זענען אַזוי ווי איבערגעברענט געוואָרן אין מיר. איך האָב אויף דעם בריוו נישט געענטפערט... איז געקומען אַ צווייטער בריוו, אַ דריטער... סוף־כל־סוף האָט זי אויפגעהערט צו שרייבן און מיר איז דאָס אַלץ איינס געווען.

עס איז געווען סוף הערבסט, אין רעגן מיטן פאַלן פון די בלעטער, אין שטאָט־גאָרטן איז איצט קיינער נישט געקומען. דער גאָרטן האָט געשוויגן אין זיין געלער מרה־שחורה, און זיין שווייגן איז מיר געווען צום האַרצן. איך פלעג יעדן טאָג קומען אַהין, אַרומדרייען זיך אַ שעה צייט און אַוועקגיין צוריק אַ באַרואיקטער... איך האָב גענומען טראַכטן וועגן אַוועקפאָרן. מיין שטאָט איז צו וואַכעדיק פאַר מיר געוואָרן...

פון די אַלע חברים און באַקאַנטע, האָב איך איצט אויסגעקליבן איינעם: באָריס דעם שוואַרצן, איך האָב גענומען ריידן אין זיין טאָן און גיין אין זיינע גענג. שוין געשפילט עטלעכע מאָל אין קאָרטן, אויפגעהויבן דעם בילאַרד־שטעקן און זיך געלערנט שפילן.

באָריס איז געבליבן דער זעלבער, האָט געלערנט, געאַרבעט און רואיק געהוליעט, וואו ער האָט נאָר געהאַט די געלעגנהייט דערצו.

ער האָט זיך איבערגעשריבן מיט לינען, נאָר איינמאָל האָב איך אים געבעטן, ער זאָל וועגן לינען מער נישט ריידן און ער האָט עס מיר צוליב געטאָן.

אַמאָל פלעגט ער מיך אַ פרעג טאָן:

—האָסט נאָך אַלץ צוטאָן מיט „זיי״?

—אַ ביסל... נאָר עס איז שוין קיין „זיי״ נישטאָ, עס איז מיטאַמאָל געוואָרן אַן אַנדער וועלט, אַנדערע מענטשן און איך האָב אים פאַרטרויט, אַז איך זוך נאָר די געלעגנהייט, איך וויל זיך שוין אָפּרוקן פון דער גאַנצער אַרבעט.

איך האָב זיך דערוואוסט, אַז פון די גרופע אַנאַרכיסטן זענען פיל באַפרייט געוואָרן, צווישן זיי אויך שמואלקע. זיי האָבן זיך ווידער גענומען צו זייער אַרבעט און אין איינעם פון די גראָע נאָכמיטאָגן איז די שטאָט אויפגעציטערט געוואָרן פון אַ גוואַלדיקן אויפרייס: פון אַלע גאַסן האָט מען זיך געלאָזט לויפן צום שטאָט־גאָרטן. אויף

דעם אָרט, נישט ווייט פון גאָרטן איז פאַרבייגעפאָרן אַ דראָזשקע מיט דריי יונגעלייט... פּלוצלונג האָט זיך דערהערט דער אויפרייס און פון דער דראָזשקע מיט אַלע פּאַסאַזשירן איז קיין זכר נישט געבליבן. שטיקער פלייש זענען צעפלויגן געוואָרן אויף אַלע זייטן, אַ קאָפּ איז אַריינגעפלויגן אין אַ פענסטער, אַ האַנט אין גאָרטן, אויף די ביימער זענען געהאָנגען צעריסענע גלידער.

עטלעכע טעג זענען פאַראיבער, ביז די שטאָט האָט זיך דער־וואוסט, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען, און דערוואוסט האָט מען זיך: עט־לעכע אַנאַרכיסטן האָבן געפירט אין אַ קעסטעלע באָמבעס, געפירט האָבן זיי עס אין וואַלד אַריין, כדי צו באַגראָבן אין דר׳ערד...

ווען די דראָזשקע איז פאַרבייגעפאָרן דעם שטאָטישן גאָרטן, איז איין ראָד אַריין אין אַ גרוב, די דראָזשקע האָט זיך אַ בויג געטאָן, די באָמבעס האָבן זיך אָנגעשטויסן און עס איז פאָרגעקומען דער אויפרייס.

צווישן די געהרגעטע איז אויך געווען שמואלקע אַנאַרכיסט...

מען האָט אים באַדויערט. ער האָט טאַקע די גאַנצע מעשה מיטן אַנאַרכיזם, מיט דעם פרייען מענטש געמיינט אויף אַן אמת, אַזעלכע פאַנאַטיקער ווערן נישט יעדן טאָג געבוירן... נאָך דעם פאַל מיט די קרבנות האָט שוין די אַנאַרכיסטן נישט געגליקט, אַ טייל זענען דער־שאָסן געוואָרן...

די שטאָט מיינע האָט געביטן איר אויסזען: מענטשן זענען אַרויס פון די לעכער, פון די געהיימע נעסטן, מענטשן זענען אַרויס אויף דער פרייער גאַס...

און פיל פון די נעכטיקע אידעאַליסטן האָבן זיך זייער עגאָאיסטיש גענומען זאָרגן פאַר זיך, אַנדערע זענען אַוועק לערנען, מיידלעך האָבן גענומען זוכן רייכע חתנים. די שוואַרצע בלוזעס האָט מען אַראָפּגע־וואָרפן, די אונטערגעשאָרענע האָר האָט מען איצט געלאָזט צו וואַקסן...

אַ סך נעכטיקע פראָלעטאַריער האָבן אַליין גענומען שאַפן פאַר זיך קליינע פאַבריקלעך, געוועזענע משרתים האָבן זיך גענומען גרייטן צו ווערן סוחרים. אין די שיינקען האָבן די גאַרבער־יונגען איצט מער געטרונקען, ווי פריער.

די פּאַרטייען האָבן זיך גוואַלדיק געריסן צווישן זיך, מען האָט גענומען ריידן וועגן פּראָפעסיאָנעלע פּאַראייניגן פאַר די אַרבעטער.

אָבער די סוראַזשער גאַס מיטן אַלטן בית־עולם איז אַלץ לעדי־קער געוואָרן. איצט, ווען די פרייהייט איז געקומען, האָבן זיך אַלע ערקלערט אין ליבע צו דער פרייהייט און יע־ער איינער האָט זיך נעזאָרגט פאַר דאָס זייניקע.

אַפילו אונזער בייזער פּאָליצמייסטער האָט איצט אויך גערעדט מיט רעספּעקט וועגן דער פרייהייט און ווען אין טעאַטער איז גע־שפּילט געוואָרן די מאַרסעליעזע, האָט ער זיך אויך אויפגעהויבן, פּונקט ווי ביי „באָזשע צאַריאַ כראַני".

און די מאַרסעליעזע האָט איצט זייער אָפּט געהילכט אויף אונ־זערע גאַסן. אויף דעם ערשטן רוף פלעגן אַלע אַרבעטער אַרויסגיין דעמאָנסטרירן, און נישט נאָר די אַרבעטער—אַלע קרעמער און בעל־הבתים פלעגן גיין אין די פּראָצעסיע, אַלע גאַסן־יונגלעך לויפן נאָך.

די בעל־הבתים האָבן זיך אַ ביסל פאַרקלערט:

—די חברה־לייט האָבן דאָך יאָ עפּעס אויסגעפּירט. ווער־מען האָט זיך דאָס אַמאָל געחלומט, מען זאָל קאָנען אַזוי פראַנק און פריי אַרומ־גיין מיט דער רויטער פאָן אויף די גאַסן? און ריידן אַזעלכע רע־דעס? און זינגען אַזעלכע לידער?

נאָר גיך איז דאָס אַלץ וואָכעדיק געוואָרן. מענטשן פאַרשוועכן אַלץ מיט זייערע טאָג־טעגלעכע קליינינקייטן...

איך בין געווען אומרואיק פון לאַנגווייליקייט: דאָס יום־טובדיקע איז פאַרשוואונדן געוואָרן.

איך פלעג אַרומבלאָנדזשען ביינאַכט אַליין אויף די גאַסן, איך בין עטלעכע מאָל אונטערן שטאָט אַרויס, טויטע בלעטער האָבן זיך געשאַרט אונטער די פיס... מיטאַמאָל לויפט אָן דער צוג מיט אַ רוי־טע לאַמטערן און פייפט אַריין אין דער נאַכט אַזוי ווילד. איך האָב געטראַכט און געליטן, איך האָב פּראָטעסטירט געגן אַלעמען, געגן זיך אַליין... וואו איז מיין אָרט? צו וועמען?

געווען רגעס פון ביטערן יאוש.

מיט דער וועלט, מיט איר קאַמף פאַר גערעכטיקייט האָב איך שוין געענדיקט. נאָר מיט זיך אַליין—וואָס טוט מען: איך פלעג זיין

אזעלכע קלערענישן לויפן צו באָריסן און נישט איינמאָל זענען מיר געזעסן אין שיינק צוזאַמען. איך האָב אַ צייט געטרונקען... און דער ניכטערער לעבע-יונג באָריס פלעגט מיך אָפּהאַלטן פון שנאַפּס:

—צופיל טאָר מען נישט.

געמיינט האָט ער, אַז מיין גאַנצער יאוש קומט דערפון, וואָס לינע איז אַנטלאָפן, נאָר איך האָב דעמאָלט נישט געהאַט אין וואָס צו גלויבן.

און באָריס האָט געהאַלטן אין איין טענהן, אַז מען דאַרף נישט גלויבן.

—טאָ וואָס זשע דאַרף מען, באָריס?

—לעבן...

—איך לעב דאָך...

—ניין, דאָס הייסט געראַנגלט זיך, נישט געלעבט.

ער פלעגט מיך פירן צו זיינע באַקאַנטע, צו זיינע פאַרוויי־לונגען:

—מען דאַרף לעבן, לעבן מיטן גאַנצן גוף און נשמה, אַריינ־אָטעמען אין זיך די פראָסט-לופט, ברענען זיך אויף דער זון, עסן, טרינקען און שטענדיק טראַכטן, אַז דו ביזט קלוגער פאַר אַלעמען...

און מיט אַמאָל אַזאַ פּראָפּאָזיציע:

—קום אין צירק, דוראָוו וועזט דאָרט גוואַלדיקע קונצן מיט די מייז, מיט די חזרים, קום! די אַטלעטן זענען אויך אינטערעסאַנט, ער האָט מיר אָנגערופן די נעמען פון די אַטלעטן:

אַבערג, זבישקאַ-ציגאַנעוויטש. ער האָט מיר דערציילט, מיט וואָס פאַראַ מעטאָדן זיי קעמפן.

צירק... לינע האָט מיך אויך אַמאָל גערופן אין צירק.

האָט זיך מיר דערמאָנט לינע, אונזערע טייערע נעכט אין וואַלד.

איך בין מיט אים דעמאָלט אין צירק נישט געגאַנגען, נאָר איך האָב צ:געזאָגט אויף אַ צווייטן מאָל.

עס איז שווער צו לעבן אין אַ שטאָט, אין וועלכער דו האָסט אַזוי פיל דורכגעלעבט און אַזוי פיל באַגראָבן. דאָס איז עפּעס אַזוי ווי אַן אייביקער שפּאַציר צווישן קברים...

אויף ניי-וועלט האָט געלעבט באַשע...

אויף ליפּאָווע גאַס האָט לינע געהאַט איר צימערל און אין יענעם געבויגענעם הויז, אויף דער באַזאַרנע, איז פאַראַן אַן אָרעם הייזל, דאָרט איז פאַראַן אַ געוועלבל, וואו נח׳קע פלעגט שטענדיק עסן ברויט מיט קעז... ווי קאָמיש ער פלעגט אויסזען, בעת ער פלעגט אָנשטאָפּן אַ מויל מיט קעז און קייען. ער איז געווען נאָך יונג, דער נח׳קע, און האָט אויסגעזען אַזוי אַלט, אַלט, ווי אַ בוים, וואָס איז באַוואַקסן מיט פאַרשימלטע שוועמלעך.

—וואו איז ער היינט? וועלכן אָפּגאָט דינט ער איצט מיט דער זעלבער טריישאַפט, ווי ער האָט אַמאָל געדינט אונזער אָרגאַניזאַציע?

עס איז געווען אַזוי פיל צו דערמאָנען אין יענע שטורמדיקע טעג: אַ שטילער באַהאַלטענער לעבן איז געשטאָרבן. נאָר פאַר די אויגן ווענען געשטאַנען די הייזלעך, וואו מיר פלעגן זיך באַהאַלטן...

פאַרלאָזענע שמאָלע געסלעך, וואו די שכינה האָט אַמאָל מיט מורא זיך באַהאַלטן.

און אָט גייט צו צו מיר אַ חבר און זאָגט מיר ווידער אָן:

—ביינאַכט איז אַ פאַרזאַמלונג, איך מוז אומבאַדינגט זיין. ער רעדט עס אַרויס הויך, אויפן קול—שוין נישטאָ פאַר וועמען מורא צו האָבן.

—וואו קומט פאָר די פאַרזאַמלונג? איך פרעג עס שטיל, און פאַרגעס אויף אַ רגע, אַז די „פיאַסקעס” מיט די „כאַנאַיקעס” זענען שוין פאַרלאָזן, אין די אָרעמסטע קוואַרטאַלן קלויבט מען זיך שוין מער נישט צענויף, אין יענע קעלערן און ביידעם־שטיבלעך סודעט מען זיך מער שוין נישט.

—ביי שמערקעסן אין טאַנץ־זאַל קומט פאָר די פאַרזאַמלונג, די אָרגאַניזאַציע האָט אָפּגעדונגען דעם זאַל ביים טאַנצמייסטער.

שמערקעסעס טאַנץ־זאַל איז אין רעכטן מיטן שטאָט. די פענס־טער גייען אַרויס אויפן גאַס, ווען דער רויש ווערט שטיל, הערט מען דערמאָנט אין דרויסן, וואָס דער רעדנער רעדט.

וואו זענען אַהינגעקומען יענע באַגייסטערטע פּנימער פון אונ־זערע אַמאָליקע פאַרזאַמלונגען? דאָ שטייען אַ מחנה טרוקענע מענטשן און הערן אויס דעם רעדנער, אַז עס איז נויטיק צו גרינדן אַ פראָ־פעסיאָנעלן פעראיין. אויב נישט, וועט מען פאַרלירן אַלץ, וואָס מען

האָט געוואָגעט דורך דער רעוואָלוציע.

„גאַנץ ריכטיק", טראַכט איך, נאָר וואָס האָט עס צו מיר? עס איז מיר אַזוי פרעמד דאָס אַלץ, וואָס איך הער. די טאָקערס, די טשעשלערס, וואָס זענען דאָ געקומען, זענען גאַנץ וואוילע אָרנטלעכע מענטשן, זיי האָרעווען און ווילן זיך מאַכן בעסער און שענער דאָס לעבן...

„גאַנץ ריכטיק", טראַכט איך, נאָר פאַרוואָס איז מיר דאָ אַזוי אייגג און פאַרוואָס קוק איך כסדר אויף דער טיר, פונקט, ווי איך וואָלט וועלן אַנטלויפן...

דער עולם שוויצט, איינער דריקט דעם צווייטן. איך האָט נאָך פריער אויסגעטאָן מיין פאַלטאָ און אַוועקגעלייגט אויף אַ טיש, אויף וועלכן עס זענען שוין געלעגן אַ סך מאַנטלען, און אויף מיין פאַלטאָ האָט מען אַרויפגעוואָרפן נאָך אַ צוואַנציק שטיק.

איך האָב מיט אומרואיקע בליקן גענומען קוקן אויף אַלע זייטן.

עס איז מיר אין לעבן געגאַנגען. איך האָב געוואָלט אַרויסגיין פון דאַנעט, אַוועקגיין—עס האָט מיר פאַרפעלט לופט. און ווי אַזוי באַקום איך אַרויס מיין פאַלטא פון דער גאַנצער פיראַמידע מיט די מאַנטלען?

דער גאַנצער באַרג מיט די בגדים וועט זיך צעשיטן, עס וועט ווערן אַ טומל... מען וועט זיך בייזערן.

איך האָב זיך איינגעשטעלט, ווי איך וואָלט געגאַנגען גנב'ענען, און אויף צו להכעיס, האָט זיך מיין פאַלטא אַזוי פאַרפלאָנטערט אין די איבעריקע... איינער האָט זיך טאַקע גענומען בייזערן, דער צווייטער האָט מיך אַ פרעג געטאָן:

—וואָס איילסטו אַזוי?

—איך מוז אַוועקגיין, האָב איך פרעמד געענטפערט און איך בין האַסטיק אַרויסגעלאָפן פון איינגן זאַל.

אַ נאַסע גאַס, עס האָט דראָבנע גערעגנט. הערבסט און נעץ, און דאָך האָב איך זיך דערפילט גליקלעך, וואָס איך בין אַ רגע אַליין. איך האָב גענומען האַסטיק שפּרייזן, נישט וויסנדיק אַליין, וואוהין איך גיי.

איך האָב אָנגעקלאַפּט אין אַ טיר, נישט דערמאָנענדיק זיך צו

חעמען איך קלאַפּ, נאָר בעת די טיר האָט זיך געעפנט, האָב איך אַ פרעג געטאָן:

—באָריס איז דאָ?

דאָס בין איך אומבאַוואוסטזיניק געגאַנגען צו באָריסן, ער איז אין דער היים נישט געווען, בין איך שוין איצט רואיק אַוועק אים זוכן. אין „ביליאַרדנע" האָב איך אים נישט געפונען, איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק, אַז ער מוז זיין אין צירק... דער בחור האָט ליב צירק, מען דאַרף טאַקע אַ קוק געבן, וואָס דאָרט טוט זיך?

איך בין געגאַנגען און נישט געטראַכט פון איין זאַך, פון איין זאַך, פון איין באַשלוס, וואָס איך האָב כמעט אָן מיין ווילן אָנגענומען: בשעת איך בין אַרויס פון דער פאַרזאַמלונג, האָב איך געפילט, אַז דאָס איז דאָס לעצטע מאָל, אַז איך האָב זיך מיט מיינע חברים אויף שטענדיק געזעגנט. אַזוי וועט דאָס זיין.

אין אַ צוואַנציק מינוט שפּעטער בין איך שוין געזעסן אין צירק, וועלכער איז געווען פול אָנגעפּאַקט מיט מענטשן, אַן אַקראָבאַט איז אַרויפגעקראָכן אויף אַ הויכן סלופּ, דער סלופּ האָט זיך געשאָקלט און דער מענטש אין דער הויך אויפן סאַמע שפּיץ, האָט געוויזן איבערמענטשלעכע קונצן... און גערייצט האָט נאָר איין זאַך: דער מענטש איז אין אַ טויט-סכנה, יעדע מינוט קאָן ער אַראָפּפאַלן, און דעמאָלט וועלן די צירק-באַדינער צענויפקליבן זיינע ביינדעלעך...

ער האָט געענדיקט גליקלעך און באַלד באַקומען זיין לוין: אַפּלאָדיסמענטן...

אין אויגנבליק ווען אַ רייטער, אָנגעטאָן אין רויט-ווייסע הויזן, איז אַרויפגעלאָפן אויף דער אַרענע, איז שוין דער אַקראָבאַט פאַרגעסן געוואָרן...

איך בין געווען מיד. די אויגן, די נשמה, דער געדאַנק, אַלץ האָט געוואָלט אָפּרוען אין מיר, האָב איך געקוקט אויף דעם, וואָס דאָ קומט פאָר מיט צוגעשמידטע בליקן און אין אַ רגע האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז פאַר מיר אַליין איז דאָס איינגעאָרדנט די גאַנצע פאָרשטעלונג, איך זאָל לאַכן און זיך אָפּרוען.

בעתן אַנטראַקט האָט זיך דער גאַנצער עולם אויפגעהויבן. איך

בין געבליבן זיצן און געקוקט האָב איך אויף די מענטשן:
מיינע באַקאַנטע, אַ סך געוועזענע חברים. נעכטיקע קעמפּערס.
איצט לויפן זיי אין צירק מיט דער זעלבער פלייסיקייט,
פריער אויף אונזערע פאַרזאַמלונגען.
און אָט איז באָריס... ער איז געשטאַנען אַרומגערינגלט פון אַ
גאַנצע חברה סטודענטן, מיידלעך. ער האָט מיך דערזען און איז צו
מיר צוגעלאָפן...
—ביזט געקומען, איך האָב געוואוסט, אַז דו וועסט קומען, זאָל
דאָס זיין אַ גוטער אָנהויב.
—וואָס פרייסטו זיך אַזוי?
—איך פריי זיך... ער האָט געקוקט אויף מיר און געלאַכט
—וואָס פרייסטו זיך אַזוי? האָב איך אים נאָכאַמאָל געפרעגט.
—וואָס אויף דער וועלט איז געוואָרן מיט אַ יאָלד ווייניקער.
איך האָב אים נישט פאַרשטאַנען, נאָר ער האָט מיך שוין דער־
ווייל אַרומגעפירט און באַקענט מיט נייע מענטשן, מיט די צירק־
לייט...
—דו מיינסט, זיי זענען שלעכטע מענטשן, אָט די אַלע אַקראָ־
באַטן און קלאָאונעס?
—איך טראַכט דאָס גאָרנישט...
—זיי זענען נישט ערגער פון אונז, נישט ערגער פאַר דיינע
חברים.
—באָריס, איך האָב שוין נישט קיין חברים.
—שוין? אויס? געדיינקסט, איך האָב דיר געזאָגט, געדיינקסט...
דערווייל האָט מען גענומען קלינגען, און דער עולם האָט ווי־
דער פאַרנומען די ערטער.
—אַביסל האָט דיר היינט נישט געגליקט, האָט זיך באָריס אָנ־
גערופן, בעת ער האָט זיך לעם מיר אַוועקגעזעצט.
—וואָס איז?
—דער אַטלעטן־קאַמף וועט נישט פאָרקומען, ווייל אַבערג דער
בעסטער אַטלעט איז קראַנק געוואָרן.
איך האָב געוואָלט פון דעם האָבן עגמות־נפש און נישט געקאָנט
באַך דערווייל. איך האָב אַ שמייכל געטאָן און געענטפערט באָריסן:

—נישקשה, אַבערג וועט געזונט ווערן!
—דו האָלסט עס נישט פאַר ווילטיק, דו שפּאַסט... אָבער פאַר־געס נישט, אַז טויזנטער מענטשן ווילן זען אַבערבען דעם אַטלעט און, אַז טויזנטער מענטשן אילן...
עס האָט זיך אָנגעהויבן:
זיבן רייטערס זענען אַרויסגעלאָפן. אַלע אויף שוואַרצע פערד. אינמיטן אַרענע איז געשטאַנען איינער אין שוואַרצן אָנגעטאָן... אַן עלטער דזשענטעלמען מיט אַ לאַנגן בייטש... און האָט כסדר געשריגן.
—האָלאַ, האָלאַ!
די פערד האָבן געמאַכט עטלעכע קאַראַהאָדן און אויפגעהערט.
דער עולם האָט געפּאַטשט בראַוואָ!.
דערנאָך ווידער אַן אַקראָבאַט, אַ פּאָר וויצן פון „ריזשי", און דוראָוו, דער באַרימטער דוראָוו, איז אַרויסגעפאָרן אויף דער אַרענע, רייטנדיק אויף אַ... חזיר.
ער האָט מיט די חיות געוויזן אַ סך קונצן און האָט כסדר גע־שאָטן וויצן אויף די אַקטועלע געשעענישן...
צום סוף האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט אין אַ שטאָלצער פּאָזע און האָט געהאַלטן אַ דרשה פאַרן עולם:
—„פרייע בירגער פון פרייען רוסלאַנד! פריער האָבן פאַר דער פרייהייט געקעמפט העלדן, נישט איינער האָט מיטן לעבן באַצאָלט דערפאַר, איצט, ווען די פרייהייט איז געקומען, זענען אַלע פלוצלונג געוואָרן אירע פריינט, אַפילו די נעכטיקע תליינים ערקלערן זיך איר אין ליבע, אַפילו אונזער „בעזעם"..."
ער האָט דאָ געמיינט אונזער פּאָליצמייסטער, וועלכער האָט גע־הייסן מעטלענקאָ.
„אַפילו אונזער „בעזעם" איז געוואָרן אַ רויטער, און אַלע לויפן איצט און שרייען: „עס לעבע די פרייהייט!"
אָט, קוקט זיך איין!
ער האָט דערלאַנגט אַ ווינק צו די מוזיקאַנטן, וועלכע האָבן אָנגעהויבן שפּילן... מאַרסעליעזע...
און אויף דער אַרענע איז אַרויס אַן אייזל מיט אַ רויטער פאָן, דערנאָך זענען אַרויסגעקומען אַלע דוראָווס חיות: הינט, קעץ, חזירים,

בערד, אַלע באַצירט מיט רויטע פאָנען, און דער „ריזשי" מיט אַ רויטן פּעזעם איז געגאַנגען דער לעצטער. די מוזיק האָט געשפּילט, די מאַר־סעליעזע האָט הילכיק אָפּגעקלונגען אין דער רונדער צירק־געביידע...

די גאַנצע מחנה חיות, די פּראָצעסיע פון די פירפיסיקע, איז עטלעכע מאָל דורכגעגאַנגען די אַרענע מיט דעם טריאומף־מאַרש... דער „ריזשי" האָט זיך געקרימט און אַרויסגעשטעלט אַלעמען אַ צונג...

מיט דעם האָט זיך דאָס פּראָגראַם געענדיקט...